SHTODT UN SHTEDTL

Stories by Sarah Hamer-Jacklin

I. L. Peretz Publishing House
31, Allenby st., Tel-Aviv

ש ר ה  ה אַ מ ע ר ־ ד ז ש אַ ק ל י ן

שטאָט און שטעטל / דערציילונגען

פאַרלאַג י. ל. פּרץ, רח׳ אלנבי 31, תל־אביב



נדפס בישראל תשכ״ד
Printed in Israel 1964

הדפוס הכללי בע״מ, רחוב השוק 26, תל־אביב, טל. 821801

**אין ליכטיקן אָנדענק**

פון מיין אומפאַרגעסלעכער פריינדין

ליזאַ שאָר.

# אינהאלט

# שמחהלע שוחט

מיין מומע הדסל איז געווען שטאַרק געפאַלן ביי זיך. דריי קינדער האָט זי אויף דער וועלט געבראַכט, אַלע דריי מיידלעך. איר מאַנס, שלמה שוחטס באַגער איז געווען איבערצולאָזן נאָך זיך אַ קדיש. ווען הדסל האָט געטראָגן צום פערטן מאָל, האָט זי געפאַסט טעניתים, געוואָרפן מטבעות אין מאיר בעל נס צדקה־פושקע, געהאַלפן חתונה מאַכן אָרעמע כלות און געבעטן ביים רבונו של עולם, אַז אין זכות פון צדקה זאָל זי זוכה זיין צו ברענגען אַ זון אויף דער וועלט.

ווען הדסל איז געווען אין די הויכע חדשים, האָט זיך איר געחלומט, אַז זי האָט געהאַט אַ יינגל. ווען זי האָט אַ האָפערדיקע דאָס פאַרטרויט איר שוויגער, האָט יענע געטאָן אַ מאַך מיט דער האַנט און געזאָגט מיט ביטול:

— צו וואָס, הדסל, זאָלסטו זיך איינגלייבן אין אַ נאַרישן חלום ? ס׳וועט סיי ווי געבוירן ווערן אַ מיידל. דו קומסט פון אַ משפחה, ווו ס׳ווערן גע־בוירן גאָלע מיידלעך, פונקט ווי אין אונדזערע משפחות זענען געבוירן געוואָרן בלויז יינגלעך.

די יונגע מאַמע האָט אַ דערשלאָגענע געקוקט אויף דער שוויגער און איז אַ פאַרשולדיקטע געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

די דריי מיידלעך, וואָס הדסל האָט געבוירן — שרהלע, חנהלע און טשיפּעלע — זענען געווען אין עלטער פון צוויי, פיר און זעקס יאָר. זיי זענען אַלע אין אויסזען געווען ענלעך צום פאָטער, ווי אויך אין דער שוויגער געראָטן : שוואַרצהאָריקע מיט ברוינע אויגן און טונקעלער הויט. הדסל איז אין איר אויסזען געווען פונקט דער היפוך : אַ ווייסע, צאַרטע הויט מיט גרויסע בלויע אויגן, בלאָנדע האָר, וואָס זייער קאָליר איז אַריינ־געפאַלן אין רויטן גאָלד. ווען מען האָט איר נאָך דער חתונה אָפּגעשוירן

די האָר, האָט זי באַוויינט די קרויז פון איר קאָפּ. דאָס שייטל, וואָס זי האָט אָנגעטאָן, איז פּונקט ווי אירע אייגענע האָר, געווען — בלאָנד־רויט.

איר שוויגער דבורה הינדל האָט זיך געגרויסט מיט איר יחוס. געקומען איז זי פון אַ גזע רבנים, געהאַט אַ מאַן אַ מורה הוראה, פיר געראָטענע זין, דריי שוין חתונה געהאַטע, ווען איר מאַן איז נפטר געוואָרן, איז זי געבליבן מיטן יינגסטן זון שלמהלע. זי האָט מיט אים געטאָן אַ נגידיש שידוך. די שנור האָט נישט געטאָן קיין שפּאַן אָן דער שוויגערס צושטימונג. זי האָט זיך געפילט נישטיק און קליין אַנטקעגן דבורה הינדלען, וואָס האָט געבראַכט פיר קדישים אויף דער וועלט.

ווען דאָס פערטע קינד איז געקומען אויף דער וועלט, און מען האָט די געווינערין אָנגעזאָגט, אַז ס׳איז אַ יינגל, האָט זי זיך צעוויינט פון פרייד. ווען די באָבע האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן ניי־געבוירענעם עופהלע, האָט זי אַ נישט־צופרידענע אַרויסגעברומט:

— עה׳ו, אַ רויטער — — —

ס׳איז געפּראַוועט געוואָרן אַ ברית, ווי אַ חתונה. מען האָט דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן שמחה מאירל, נאָך זיין זיידן, דעם מהור״ר.

ס׳יינגל האָט זיך געכאַוועט. טאַטע־מאַמע האָט געקוואָלן פון נחת. צו ניין חדשים איז שוין שמחה מאירל געגאַנגען. צום יאָר האָט ער שוין גערעדט. צו צוויי יאָר האָט ער געקאָנט נאָכזאָגן שטיקלעך פון דאַוונען, וואָס דער פאָטער האָט אים געלערנט. ווען ער איז דריי יאָר אַלט געווען, האָט ער געקאָנט אָנשרייבן זיין נאָמען. צווישן משפּחה האָט מען גערעדט, אַז דאָס יינגל וואַקסט אַ גאון.

הדסל האָט זיך ווידער געריכט איך קימפּעט און איז געווען זיכער, אַז זי וועט אויך דאָס מאָל געבוירן אַ יינגל. מיט שמחה מאירלס קומען אויף דער וועלט האָט זי זיך דערפילט דערהויבן און האָט שוין געוואַגט אַריינמישן זיך איןווירטשאַפט און לאָזן הערן איר קול, ווען די מיידלעך האָבן צו פיל געטומלט.

דאָס פינפטע קינד איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל. האָט הדסל געקוקט אויף איר טעכטערל און זיך שטיל צעוויינט, האָט זי די שוויגער געטרייסט, אַז זי דאַרף דאַנקען און לויבן דעם בורא, וואָס זי איז זוכה געווען צו ברענ־

גען אויף דער וועלט כאָטש איין קדיש. מסתמא איז אָנגעשריבן „אויבן", אַז דו זאָלסט מער קיין זין נישט האָבן...

שמחה מאירל איז וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ מער צעפּיעשטשעט. די מוטער האָט זיך אין אים געשפּיגלט. ביים פאָטער איז ער געווען דאָס אויג פון קאָפּ. און ווו נאָר שלמה שוחט איז געגאַנגען, האָט מען אים געזען מיט זיין זון. אין בית־המדרש און שעכט־הויז. אַפילו צו אַן אסיפה האָט ער אים מיטגענומען.

צו פינף יאָר האָט ער אָנגעהויבן לערנען גמרא. פאַר פריינד און משפחה האָט טאַטע־מאַמע כסדר דערציילט שמחה מאירלס חכמות.

ס'יינגל האָט זיך געהאַלטן גרויס און פאַרריסן. מיט די שוועסטערלעך איז ער געווען אין אַ כסדרדיקער מלחמה. איז אַ מיידל זיך געגאַנגען באַקלאָגן צום פאָטער, אָדער מוטער, אַז ער כאַפּט ביי איר אַרויס אַ שפּילצייג אָדער טוט איר אַ שטויס אין די זייטן, איז ביי טאַטע־מאַמע אַלע מאָל אויסגעקומען, אַז זיי טשעפּען זיך צו אים. און בלויז די באָבע פלעגט זיך פאַר זיי איינשטעלן.

שמחה מאירלס שטערן האָט זיך אָבער אָנגעהויבן לעשן מיטן אָנקום פונעם זעקסטן קינד, זיין ברודערל צדוקל. ווי נאָר די באָבע האָט אַ קוק געטאָן אויפן ניי־געבוירענעם אייניקל, דערזען זיינע שוואַרצע האָר, טונקעלע הויט, האָט זי פאַר פרייד אַזש אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און אויסגערופן: — צו לעבן און געזונט, ער איז אין גאַנצן אין מיין מאַן געראָטן, אים צו לאַנגע יאָר. זי איז גאָר נישט אָפּגעטראָטן פון דעם קינד. זי האָט דעם עלטערן ברודער אַלע ווייל דערמאָנט, אַז ער איז איצט ביליקער געוואָרן, אַז ער איז אויס מיוחס.

צדוקל איז געוואַקסן אַ פריילעכער, אַ פּוכינקער, געמאַכט פיגלעס, געלאַכט, שוין געקענט „פּאַטשן קיכעלעך" און די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז מיט אַ מאָל איבערגעגאַנגען צום קליינעם צדוקלען, און פונקט ווי מען האָט פריער געשעפּט נחת פון שמחה מאירלס חכמות, אַזוי האָבן טאַטע־מאַמע מיטן גאַנצן הויזגעזינד איצט געקוואָלן פון דעם קינדס יעדע מינע. צדוקל ריטשט זיך... צדוקל שטעלט זיך... צדוקל ריטשט זיך צום מילכיקן שענקל, געפינט דאָרטן אַ טעפּל מיט איינגעמאַכטס, טוט ער אַריין ס'הענטל

אין טעפּל און לעקט די פינגערלעך. אַלע לאַכן, קוועלן פון נחת. און ווי נאָר עס קומט אַריין עמעצער פון דער משפּחה, שטעלט מען צדוקלען אויף „וויסטאַווע".

שמחה מאירל דרייט זיך דערביי איבער דער שטוב אַ פאַרלוירענער. ער וויל אויך ווייזן וואָס ער קאָן. מאַכט ער פון זיין צונג אַ מולטערל. און אַז מען קוקט זיך נאָך אַלץ נישט אום אויף אים, שטעלט ער זיך אויפן קאָפּ מיט די פיס אין דער הויך. דעמאָלט צעשרייט זיך גאָר די באָבע, אַז אַזעלכע שטיק פּאַסן זיך פאַר אַ שייגעץ, נישט פאַר אַ גמרא־בחור, און זי זאָגט דערביי נבואות, אַז קיין גוטס וועט פון דעם יונג נישט אַרויס־קומען.

זינט זיין ברודער איז געבוירן געוואָרן, האָט שמחה מאיר גענומען זיך פילן ווי אַן איבעריקער. ער האָט געקוקט אויף צדוקלען ווי אויף אַ ביטערן שונא, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין מלוכה און וויל ביי אים אַוועקרויבן די קרוין.

די שוועסטערלעך האָבן דערלעבט אַ נקמה מיטן אָנקומען פון נאָך אַ ברודער, זיי זענען עפּעס געוואָרן מער חשוב ביי זיך. אין דער שטיל, אַז קיינער זאָל נישט הערן, האָבן זיי זיך כסדר גערייצט מיט דעם שוין אַזוי אויך דערשלאָגענעם שמחה מאירל.

ס'איז געווען צווישן מנחה־מעריב, די זון האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין. אַ פּאַס ליכט איז געפאַלן אויף דער דרימלענדיקער דבורה הינדלען. צדוקל איז געשלאָפן. פונעם הויף האָט זיך געטראָגן אַ געדעמפּטער געפילדער פון קינדער. הדסל האָט זיך שטיל געפּאָרעט אין קיך. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געוואַלט־געוויין, וואָס איז געקומען פון קינדס וויגל. מאַמע און באָבע זענען דערשראָקענע אַריינגעלאָפן אין שלאָף־צימער. פאַר זיי האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אויסטערליש בילד:

שמחה מאירל איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבער זיין ברודערל מיט אַ מעסער. ער האָט שטיל עפּעס געמורמלט. מיט זיין הענטל האָט ער גע־האַלטן אַרויפגעשאַרצט דעם קינדס גערגעלע, אַזוי ווי אַ שוחט, ווען ער גרייט זיך צו שעכטן אַ הון. הדסל האָט אַרויסגעלאָזט אַ מוראדיקן געשריי, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און איז געפאַלן אין חלשות.

די באָבע דבורה הינדל איז מיט איין שפרונג געשטאַנען ביים וויגל, אַ כאַפּ־אַרויס געטאָן דאָס מעסער פון שמחה מאירלס האַנט, באַטראַכט ס'קינד, געזען, אַז זיין העלדזל איז גאַנץ, דאָס טעמפּע, מילכיקע מעסער רייַן, האָט זי לייכטער אָפּגעאָטעמט. דאָס קאַלטע פּוטער־מעסער האָט קוים באַוויזן אָנצורירן דעם קינדס האַלדז, פון וועלכן צדוקל האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַזאַ געוואַלט. ווען הדסל איז צו זיך געקומען, האָט שוין צדוקל געלאַכט און שמחה מאירל געוויינט פון די קלעפּ, וואָס די באָבע האָט אים געגעבן.

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש איז די היים פון שלמה שוחט פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ גהינום. אַלע מעסערס זענען געהאַלטן געוואָרן אונטער שלאָס און ריגל, צדוקלס וויגל האָט מען אָוועקגעשטעלט צווישן טאַטע־מאַמעס בעט. שמחה מאירל האָט נישט געטאָרט צוגיין נאָענט צו זיין ברודער. די באָבע איז אים נאָכגעגאַנגען פוס־טריט, דערצו האָט זי אים גערופן — דער רויטער קינדער־מערדער... זי האָט די מעשה דער־ציילט צו משפחה און פריינט און באַלד האָט געקלונגען דערמיט דאָס גאַנצע שטעטל. און וויפל הדסל האָט זיך ביי איר נישט געבעטן, אַז זי זאָל שווייגן, האָט דאָס נישט געהאָלפן. דאָס יינגל איז געקרוינט געוואָרן מיטן צונאָמען „שמחהלע שוחט".

שמחהלע האָט אויפגעהערט צו עסן. ער איז אַרומגעגאַנגען צעחושט, ער איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין זיך און נישט געענטפערט ווען מען האָט גערעדט צו אים. און האָט ער אַ מאָל געוואָלט צוגיין צום וויגל אַ קוק טאָן אויף זיין ברודער, איז אין שטוב געוואָרן אַ בהלה. ער האָט זיך שלעכט געלערנט און זיין צאָרן אויסגעלאָזט צו די שוועסטער, וואָס האָבן זיך כסדר גערייצט מיט אים און אים גערופן „שמחהלע שוחט".

---

יעדן שבת פלעגט צו שלמה שוחט אין הויז אַריינקומען דער שבת־גוי וולאַדעק. מיט אים איז אַלע מאָל מיטגעקומען זיין יינגל, סטאַשעק, וואָס איז געווען בערך אין די זעלבע יאָרן ווי שמחה מאירל. דאָס שייגעצל איז געווען אַ ווייסער, מיט פלאַקסיקע האָר, אָנגעטאָן איז ער געווען סיי ווינטער, סיי זומער אין אַ צעריסענער קורטקע מיט לאַנגע אַרבל, אַרום־

געבונדן מיט אַ שטריקל. אַלע מאָל איז אים נאָכגעגאַנגען זיין גרויסער שוואַרצער הונט „באַבטשיק" און אָפט האָט געטראָפן, אַז וואָלאַדעק איז געווען שיכור, האָט זיין זון זיך פאַרנומען מיטן פאַטערס אַרבעט פון זייער שבת־גוי.

מען ווייסט נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, ווען שמחה מאירל האָט זיך גענומען חברן מיט אָט דעם שייגעצל, און אַלץ צוליב דעם הונט. ער איז אָפט פאַרשוווּנדן פון חדר און זיך אַוועקגעשלעפּט הינטערן שטאָט, אויף ברייטע גרינע לאָנקעס, דאָרט האָט שוין אויף אים געוואַרט סטאַשעק מיטן הונט און שמחה מאירל, ווי אַ קליין יידעלע, איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן מיט צעפלאָסענע פּאָלעס און פליענדיקע פּאהלעך. דער הונט באַבטשיק איז אויך אַנטקעגנגעלאָפן. פאַר גרויס פרייד איז דער הונט אים באַפאַלן מיטן בילן און לעקן זיינע הענט און פּנים, און שמחה מאירל האָט אים דערפאַר באַלוינט. ער האָט פון דער קעשענע אַרויסגענומען ווייסע חלה, איינגעהאַקטע לעבער, אייער, וואָס די מאַמע האָט אים אין חדר מיטגעגעבן. די חלקים האָט ער געטיילט גלייך אויף גלייך צווישן הונט באַבטשיק און סטאַשעקן. דערפאַר האָט דער הונט באַלוינט זיינע גוטע באַלעבאַטים מיט ווייזן קונצן, וואָס די ייִנגלעך האָבן אים געהאַט אויסגעלערנט: לויפן כאַפּן אַ פּילקע, אויפשטעלן זיך אויף די הינטערשטע צוויי פיס און כאַפּן אַ צוקערל, וואָס שמחה מאירל פלעגט אים אין מויל אַריינוואַרפן. פון גיין איבער די יידישע הייזער האָט סטאַשעק געקענט רעדן אַ ביסל יידיש. מיט באַבטשיקן האָט שמחה מאירל אויך גערעדט אויף יידיש און ער האָט געקוואָלן פון נחת, ווען ער האָט געזען ווי ווויל דער הונט פאַרשטייט זיין לשון...

מיט אַ מאָל איז מען אין הויז געוואָויר געוואָרן פון די געהיימע טרעפענישן, און דאָס פרידלעכע הויז פון שלמה שוחט איז ווידער געגאַנגען כאַדאָראָם. מען האָט איצט שמחה מאירלען גענומען נאָך מער היטן, דאָס מאָל, אַחוץ פון צדוקלען, אויך פון סטאַשעקן מיט זיין הונט באַבטשיק. פלעגט ער אַן איינזאַמער בלאָנקען איבער די חדרים, געקוקט מיט בענקענדיקע אויגן דורכן פענצטער צו דער כאַטקע, וווּ עס האָבן געוווינט זיינע געטרייע פריינט — סטאַשעק מיטן הונט.

כדי צו שטילן זיין איינזאַמקייט און כעס, פלעגט ער אויסמאָלן מענטשן מיט ווילדע קעפּ פון חיות, און קינדער מיט מאַלפּישע פּנימער, ס׳האָט זיי אַלע מאָל נאָכגעהאָנגען אַ ווײדל.

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט אַ שווערער. די פענצטער זענען געווען באַדעקט מיט פּראָסטיקע בלימעלעך. אין הויז ביי שלמה שוחט איז געווען שטיל. דבורה הינדל האָט זיך געפּאָרעט ביים קאַפּלאָוון אויוון. זי האָט געפּנט ס׳טירל, אַרייַנגעוואָרפן שטיקלעך האָלץ, וואָס האָבן מיט אַ קנאַקעדיקער פריילעכקייט אויפגעפלאַקערט, געשפּרייט אַ מחיהדיקע וואַרעמקייט איבער דער שטוב. אויפן לאַנגן טיש האָט געברענט אויף נאַפט דער גרויסער בליץ־לאָמפּ. ביי איין עק טיש זענען געזעסן די דריי מיידלעך און מיט שערעלעך אויסגעשניטן פּאַפּירענע פייגעלעך און ליאַלקעס. ביים צווייטן עק טיש איז געזעסן הדסל און געשטריקט אַ ווייס יאַקעלע פאַר איר מיזיניק. אין דער קיך האָט צביה די דינסט געפּוצט די זילבערנע לייכטער. פון דער אָפענער טיר האָט זיך געטראָגן איר געזאַנג פון אַ טרויעריק ליבע־ליד.

די יאָרן ציען,
די יאָרן פליען,
פון אונדזער ליבע נעמט אַן עק,
פון אונדזער שענסטער בעסטער ליבע.
פאָרן פאָרסטו פון מיר אַוועק.

— ליבע־שמיבע — טפיו! — איז דבורה הינדלען נישט געפעלן דער דינסטס געזאַנג.

— הער דאָרט אויף, וועסט נאָך אויפוועקן ס׳קינד, — האָט זי באַפוילן.

שמחה מאירל דרייט זיך אַרום אַ פאַרלוירענער איבער דער שטוב. פּלוצעם בלייבט ער שטיין ביים גרויסן טיש, טוט פון דאָרט אַ כאַפּ אַ פאַר־פירן מענטשעלע און וויל דאָס צערייסן. די שוועסטערלעך מאַכן אַ געוואַלד, רייסן צוריק אַרויס דאָס פּאַפּירענע ליאַלקעלע, און די באָבע צעשרייט זיך:

— דו שייגעץ איינער! וואָס דרייסטו זיך אַרום פּוסט און פּאַס? וואָלסט בעסער גענומען דעם חומש און אַ ביסל געלערנט.

שמחה מאירל ענטפערט נישט, נאָר קוקט טראַציק צו זיינע שוועס־טער, וואָס רייצן זיך מיט אים:

— שמחהלע „שוחט", שייגעץ, גיי זיך שפּילן מיט הינט...

די מוטער בעט ס'זאָל זיין שטיל. חנהלע האָט אויף אַ רגע אָוועקגע־לייגט ס'שערל אויפן טיש. אין דעם אויגנבליק האָט שמחה מאירל דאָס אַ כאַפּ־געטאָן און ס'האָט געטאָן אַ סקריפּע. ער איז געבליבן מיט אַ רויטער פּאה אין זיין האַנט. ער האָט דערביי מיט אויפגעהויבענעם בליק טראַציק געקוקט צו דער באָבען. דבורה הינדל האָט געטאָן עפּעס אַזוינס, ווי אַ קוויטש און אַ רעווע צוזאַמען און זי האָט זיך מיט הויך־געביילטע הענט געלאָזט צום יינגל. אין דער זעלבער רגע האָט הדסל זיך געטאָן אַ ריס פון בענקל. זי האָט מיט צעשפּרייטע הענט, ווי פליגל, זיך געשטעלט צווישן דער שוויגער און זון און אויסגעדונערט:

— נישט שלאָגן! — זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם גאָלדענעם לאָק פון איר קינדס האַנט און האָט זיך שטיל צעוויינט.

אין הויז איז געוואָרן אַ בהלה. אַלע האָבן גערעדט צוזאַמען, אָבער העכער פון אַלעמען האָבן געקלונגען דבורה הינדלס שטראָף־רייד:

— דער יונג וואַקסט אַ כל־בוניק, ער וועט זיך נאָך נאָכגעבן צו שמד, וויי־וויי צו מיינע יאָרן, וואָס איך האָב דערלעבט! ווי קומט אַזוינס אין מיין משפּחה? אפשר זיצט אין אים אַ דיבוק? אפשר אַ שד? — און מיט אַ מאָל האָט זי אַ פרעג געטאָן ביי דער וויינענדיקער מאַמען:

— זאָג מיר דעם אמת, צי איז נישט אַ מאָל אין אייער משפּחה גע־ווען דיבוקים צי אפשר גאָר, רחמנא־לצלן, געשמדטע?

הדסל האָט זיך אַ האַסטיקן הייב געטאָן פון בענקל. אין דער מינוט האָט זיך אויפן שוועל באַוויזן שלמה שוחט. די ערשטע וואָס איז אים גע־לאָפן אַנטקעגן און אים מודיע געווען, וואָס דאָ איז געשען, איז געווען זיין מוטער דבורה הינדל. ער איז געבליבן אַ ווײַלע שטיין, ווי געליימט. ער האָט זיך מעכאַניש אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און איז געבליבן זיצן ווי אַ ליימענע סטאַטוע. אויף אַלע טענות פון זיין מוטער און געוויין פון זיין ווייב האָט ער געענטפערט מיט איינגעשפּאַרטן שווייגן. ער האָט אויס־געקוקט צו זיין ווייט פון זיי. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט,

גאָרנישט געזען. ער איז געווען פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות. צי האָט זיך נישט חלילה אַריינגעכאַפּט אַ להכעסניק, אַ שדל, און וויל זיין געראָטן קינד אַראָפּפירן פון דרך־הישר? מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפ־געשטעלט, געגומען שפּאַנען איבער דער שטוב, אַהין און צוריק, ווי אַ זעל־נער אויף דער וואַך. אין שטוב איז געוואָרן מוראדיק שטיל. קיינער האָט נישט געוואַגט אַ וואָרט אַרויסצורעדן. פּלוצעם איז שלמה שוחט שטייך געבליבן און אַנטשלאָסן אויסגערופן:

— אויף שבת, בלי־נדר, פאָר איך מיט אים צום גער'ער רבין.

פרייטיק גאַנץ פרי איז שלמה שוחט מיט זיין ייִנגל אָפּגעפאָרן קיין גער צום רבין, אויסצובעטן אַ רפואה פאַר זיין קינד.

ווען זיי זענען צוריקגעקומען איז אויף שמחה מאירלס האַלדז געהאָנגען אַ קמיע, וואָס דער רבי אַליין האָט אים אָנגעטאָן. ער האָט אים געבענטשט, אים אָנגעזאָגט צו זיין גוט און פרום.

ס'האָט אויסגעזען, אַז דאָס ייִנגל איז אָן איבערגעביטענער. ער איז געווען געהאָרכזאַם, שטיל, טאַטע־מאַמע האָבן געגלייבט, אַז דעם רבינס ברכה האָט געהאָלפן. זיי האָבן מיט אַ גרינג געמיט זיך געגרייט צו דער חתונה פון שלמה שוחטס ברודערס טאָכטער. די נסיעה איז געווען אַ ווייטע, אַזש קיין זשעמעניץ, וואָס אַ האַלבן וועג האָט מען געמוזט פאָרן מיט פערד און וואָגן, די אַנדערע העלפט מיט דער באַן.

שמחה מאירל איז געווען זיכער, אַז מען וועט אים מיטנעמען. ער האָט שוין באַצייטנס געלאָזט וויסן אַלע חדר־ייִנגלעך, אַז ער פאָרט מיט דער באַן קיין זשעמעניץ צום פעטער אויף אַ חתונה און צוגעזאָגט צו ברענגען זיינע פריינט צוקערלעך מיט קאַרמעלקעס.

ביטערער פון גאַל איז פאַר שמחה מאירלען געווען די אַנטוישונג, ווען ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז צדוקל פאָרט מיט צו דער חתונה און ער בלייבט אין דער היים. דער פאָטער האָט אים געזאָגט, אַז ער מוז גיין אין חדר. אַז שמחה מאירל האָט זיך צעוויינט, און געלאָזט וויסן אַז ער וויל מיטפאָרן, האָט אים דער פאָטער געזאָגט:

— ווי אַזוי קאָן איך דיך מיטנעמען צו דער חתונה מיט איין פּאה?

ווילסט מיך פאַרשעמען, ווילסט אַז די גאַנצע שטאָט זאָל פון מיר לאַכן?
איז דאָס ייִנגל געבליבן אין דער היים.

מיט אַ וואָך שפּעטער, אין אַ דאָנערשטיק, האָט מען זיך אין הויז גע־ריכט אויפן צוריקקער פון דער משפּחה. די דינסט האָט געראַמט דאָס הויז, געשייערט די טעפּ, חנהלע, טשיפּעלע און שרהלע האָבן זיך געוואַשן, געפּוצט, און שוין באַצייטנס געזוכט צו טרעפן, וואָס אַזוינס טאַטע־מאַמע וועט זיי ברענגען פון דער חתונה. שמחה מאיר האָט זיינע שוועסטער צו־געזאָגט, אַז ער וועט זיי אָפּגעבן די מתנה וואָס מען וועט אים ברענגען, אַבי זיי זאָלן נישט אויסזאָגן פון זיינע טרעפענישן מיט סטאַשעקן און מיטן הונט. אַז זיינע שוועסטער האָבן דערפון נישט געוואָלט הערן, האָט ער זיי געוואָלט אונטערקויפן מיט זיינס אַ מעסערל, וואָס איז ביי אים געווען זייער טייער. אפילו די הייליקע קמיע האָט ער זיי אויך געוואָלט אָפּגעבן. צביה די דינסט איז באַשטאַנען, אַז מען זאָל נישט אויסזאָגן... אָבער די שוועסטערלעך האָבן געטענהט, אַז מען טאָר נישט אָפּנאַרן טאַטע־מאַמע. זיי וועלן דערציילן...

יענע נאַכט, איידער ס'איז צוריקגעקומען שלמה שוחט מיט ווייב, קינד און מוטער, איז שמחה מאירל נישט געקומען אַהיים נעכטיקן.

אַ גאַנצן טאָג איז צביה, די דינסט, מיט דער משפּחה אַרומגעלאָפן אים זוכן. ביים סטרוזש וולאַדעקן איז דאָס שטיבל געווען פאַרשלאָסן.

ווען שלמה שוחט מיט זיין ווייב זענען אַריין אין הויז, איז שוין גע־ווען צווישן טאָג און נאַכט. זיי האָבן באַגעגנט אַ פּולע שטוב מיט מענטשן. די שוועסטערס, וואָס האָבן זיך פריער אַזוי געריצט מיטן ברודער, האָבן איצט געהאַט רויט־פאַרוויינטע אויגן. דבורה הינדל האָט געטאָן אַ פּאַטש מיט די הענט און אויסגערופן:

— ווי איז מיר, ס'האָט שוין עפּעס געמוזט טרעפן מיט שמחה מאירן!

ווי נאָר הדסל מיט איר מאַן זענען געוווּיר געוואָרן, אַז זייער זון איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געווען אין דער היים, זענען זיי דערשלאָגענע גלייך געלאָפן צום שבת־גוי וולאַדעק. זיי האָבן אים געטראָפן. ער איז געווען האַלב שיכור. זיין ווייב איז געשטאַנען איבער אַ באַליע וועש און רויק געוואַשן.

# שטאָט און שטעטל

די דערשראָקענע טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט וויסן, צי האָבן זיי נישט געזען זייער יינגל.

— געזען, געזען. דאָ געווען — זיי זענען אַנטלאָפן, מיין טייפל אויך... זיי האָבן מיטגענומען דעם הונט...

און אַז הדסל האָט זיך צעוויינט און געבראָכן די הענט, האָט איר וואָלאַדעק געטרייסט:

— נישט וויין, פאַניע האָדעסאַ, מיינער שויך אַ סך מאָל אַנטלאָפן, אָבער ער קומט צוריק אַ טאָג, אַ מאָל צוויי... אפשר דריי — זיי וועלן קומען צוריק.

— פאַר מיר אָבער איז ער שוין אַ פאַרלוירענער, — האָט שלמה שוחט געזאָגט אין אַ געבראָכן קול.

ער האָט אַרויסגענומען אַ רויטע פאַטשיילע, זיך אָוועקגעדרייט אין אַ ווינקל, אַז זיין ווייב זאָל נישט זען, ווי ער ווישט אויס אַ טרער.

# א חתונה אין פשעדבערזש

אַ גאַנצע וואָך האָבן מיר זיך געגרייט צו פאָרן אויף דער חתונה קיין פשעדבערזש. מיין מאַמעס שוועסטער, דבורהלע, און איר מאַן, זונדל טע־נענבוים, האָבן חתונה געמאַכט זייער עלטסטע טאָכטער לאהלע מיט דעם מורה־הוראהס זון, וואָס זיין יחוס האָט זיך געצויגן פון אַ לאַנגער דורות־דיקער גזע רבנים.

זונטיק פרי זענען מיר איינגעשטיגן אין דער אָנגעפּאַקטער בויד מיט פּאַסאַזשירן. דער פורמאַן, הערשל קורנאָסע, האָט געהאַט צוגעגרייט אַ באַ־זונדער אָרט פון פאָרנט פאַר מיין מאַמען מיט אירע צוויי קינדער. דער טאַטע האָט אונדז אַרויסבאַגלייט. ס'איז געוואָרן אָפּגעשמועסט, אַז צוליב זיינע געשעפטן וועט ער ערשט קומען אין טאָג פון דער חתונה. דער בעל־עגלה האָט אַ צי־געטאָן די לייצעס, אַ געשריי געטאָן: — וויאָ, וויאָ, שקאַ־פּעלעך! און גלייך האָט זיך די בויד געהוידעט איבער די באָוואָראַדאָמסקער ברוקירטע גאַסן. מיט אַ צען־פופצן מינוט שפּעטער זענען מיר שוין געווען הינטער דער שטאָט. מיר זענען פאַרבייגעפאָרן דעם בית־עולם. מיין מאַמע האָט געקוקט אַהין מיט פאַרטרערטע אויגן. האָט זי דאָך ערשט נישט לאַנג באַגראָבן איר אייך־און־איינציק אויסגעבעטן ייִנגעלע. אָבער איך און מיין ייִנגערע שוועסטער, חיהלע, זענען געווען מלא שימחה.

פון דער איבערגעלאָדענער פרייד האָבן מיר זיך געשטיקט פון גע־לעכטער און הינטערווייליעכץ זיך געקניפּט און געפּאַטשט. אַז די מאַמע האָט געזען, אַז איר מוסר־זאָגן העלפט נישט, האָט זי אונדז פונאַנדער־געטיילט און אַליין האָט זי זיך געזעצט אין מיטן.

ס'איז געווען אָנפאַנג זומער. דער טאָג אַ מילדער. פון העל־בלויען הימל שיינט די זון און וואַרפט מיט גאָלד אויף די גרינע פעלדער. אָט שווימט פאַרביי אַ טייכל מיט ווייסע קאַטשקעס. אַ פאַסטעכל פירט די שאָף אויף פּאַשע, אַ ווינטמיל דרייט זיך. אין אַ הילצערנער בודע שטייט

אַ יויזל. אַ פּויער נעמט אַראָפּ דאָס היטל, קניט און צלמט זיך. די ביימער זענען צעבליט. אויף אַ סך זענען שוין אָנגעוואָקסן צייטיקע פּירות. די ברוינע אויסגעדאַרטע פערד שפּאַנען פּאַמעלעך אויף דער וויכער ערד. אַלע ווילע טוט דער פורמאַן אַ קנאַק די בייטש, מיט אַ „וויאָ, שקאַפּעס!". אַ קורצע ווילע נעמען זיי לויפן גיך, און ס'הייבט זיך אויף אַ כוואַליע שטויב. די ווייבער דערציילן זיך מעשיות, מענער רעדן פון מסחר, דערביי קייעט מען געשמאַקע עסנס, וואָס מען נעמט אַרויס פון פּאַפּירענע טעקעלעך. די פינף שעה יאַזדע זענען שוין באַלד געענדיקט, מען זעט שוין פון ווייטנס דעם שפּיץ פון קלויסטער.

מיט אַ צען מינוט שפּעטער שלייכט זיך אויס דאָס שטעטל, וואָס ליגט צוקאָפּנס דעם גרויסן טייך. איין זייט שטעטל ליגט פּאַרזונקען אין טאָל. די צווייטע זייט איז הויך און בערגלדיק. ס'ציט זיך אַ לאַנגע קייט קאַלירפולע הייזעלעך מיט שטרויענע דעכער, אַנדערע מיט בלעכענע, וואָס וואַרפן מיט גאָלדענע שטראַלן פון דער פלאַמיקער זון. די בויד בלייבט שטיין אין מיטן מאַרק ביי דער איינציק גרויסער קאַמעניצע מיט אַ באַלקאָן. אַלע אין שטעטל ווייסן, אַז דאָ וווינט זונדל טענענבוים, דער דאָזאָר און נגיד, וואָס מאַכט חתונה זיין טאָכטער לאהלע.

מיר שטייגן אויס. אַרום דער בויד שטייען געדיכטע רעדלעך מיט ווייבער, מענער און קינדער. אויפן באַלקאָן שטייט די מומע דבורהלע מיט דער כלה און קוקן אַרונטער. עמעצער רופט אויס: דבורהלע, אינס שוועסטער מיט די קינדער זענען געקומען!

*

אין הויז ביי מיין מומען און פעטער קאָכט ווי אויף אַ יאַרמאַרק. ווייבער פליקן הינער, ס'פליען פעדערן. ביי אַ לאַנגן טיש שטייט דער סאַרוועראון קנעט אויס אַ פלאָדן, לייגט אויס איך בעקן אַ לעקעך. אַ יידענע פלעכט חלות, אַן אַנדערער שניידט לאָקשן. די גרויסע קיך האָט צוויי אויוונס — איינעם אויף צו באַקן, דעם צווייטן אויף קאָכן. אַ ייד מיט אַ קורץ געשוירן שוואַרץ בערדל, אין אַ ווייסן שירץ, רוקט בעקנס אין אויוון אַריין. אויף דער צווייטער זייט איז איינגעמויערט דער קאָכאויוון, וואָס איז באַהאָנגען

פון דרויסן מיט מעשענע פאַנען און שטיינערנע טעפּ, וואָס פינקלען פון פוצן, ווי זילבער. אין די פייערדייפן זיצן גרויסע טעפּ און קאָכן פליישן און יויכן, מען פרעגלט איינגעמאַכטס. איבער דעם הויז טראָגט זיך אַ באַ־טעמטער ריח פון פליישן און געבעקס. עס איז אַ קיך — אַ פאַבריק. די הויפּט־מחותנתטע, מיין מומע דבורהלע, דרייט זיך דאָ אַרום און האַלט אויף אַלץ אַ וואַכיק אויג. זי איז העכער פון מיטעלן וווקס, אַ דיקע, מיט אַ הויכן בוזעם, אויף וועלכן עס זיצט אַ גאָלדענע בראָשקע מיט אַ זייגערל. דאָס ברוינהאָריקע שייטל איז פאַרקעמט אין אַ הויכער פּאָמ־פּאַדור. איר פּנים איז בלייך, אָבער אין די באַקן שטייט אַלע מאָל אַ רויטלעכע פאַרב. אָנגעטאָן איז זי אין אַ גרין זיידן קלייד מיט אַ ווייס קליין שירצל. אויף די היפּטן הענגט אַ בונד מיט שליסלען. זי האַלט איר באַלעבאַטישקייט אונטער שלאָס און ריגל, זי האַנדלט און דינגט זיך מיט די ווייבער, וואָס האַלטן אין איין ברענגען כלערליי זאַכן. אויף אַ טישל, לעבן פענצטער, שטייט אַ מעשענע וואָגשאָל. די מומע דבורהלע מעסט און וועגט אַלץ איבער. זי איז אין אַ כסדרדיקער מורא, אַז אַלע ווילן זי אָפּ־נאַרן. איידער זי באַצאָלט, וועגט זי איבער די מינדסטע קלייניקייט און קוקט בשעת־מעשה אויף דער אָרעמער פאַרקויפערין מיט אַ פאַרמאַכט לינק אויג, די נאָזלעכער פאַרציען זיך ביי איר אויף אַרויף, בשעת דאָס רעכטע, אָפענע אויג שפּיזלט דורך די פרעמדע. אַלע ווילע קוקט זי אַריין אין די טעפּ, הייבט אויף אַ שטאַרצל, שעפּט אָפּ מיט אַ הילצערנעם לעפל אַ ביסל יויך, פאַרזוכט און מאַכט דערביי אַ זויערע מינע, הייסט צושיטן זאַלץ, פעפער און פּיעטרושקע. קיינער טאָר זיך איר נישט שטעלן אַנטקעגן. זי איז דבורהלע, טענענבוימס ווייב, די דאָזאָרקע און גרעסטע נגידתטע, וואָס גיט צדקה. ווייבער קומען ביי איר עצות פרעגן. זי ווייסט בעסער און איז קליגער פון אַלע ווייבער אין שטאָט...

אָרעמע ווייבער נייגן זיך פאַר איר מיט גרויס חניפה און ווינטשע־וואַניעס. אין אַ זייטיקן חדר זיצן די שניידערקעס און נייען דעם אויס־שטייער, וואָס איז שוין באַלד פאַרטיק. מען נייט נאָך צו קנעפּלעך און העקעלעך. לאהלע, די כלה מיט די ברוינע אויגן און שוואַרצע לאַנגע צעפּ, איז מיד פון מעסטן. זי האָט שוין יעדעס קלייד און שובע געמאָסטן עטלעכע

מאָל און וויל זיך גערן אָפּרוען, בעסער גיין שפּאַצירן און זיך סודען מיט אירע חברטאָרינס. אָבער, אַז די מאַמע הייסט מעסטן נאָך אַ מאָל און איבער אַ מאָל, פאָלגט זי, טוט יענערס ווילן אָן ווידערשטאַנד.

דאָס רחבותדיקע הויז איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן. מען האָט צו־געבויט דריי נייע שטובן — איינע פאַרן יונגן פּאָרפאָלק, די אַנדערע צוויי וועלן דינען ווי אַן אכסניה פאַר געסט און משפּחה, וואָס זענען געקומען צו פאָרן צו דער חתונה. דאָ, אין דער קאָמעניצע, וועט אויך געפּראַוועט ווערן די חתונה, אין דער גרויסער סאַליע וועט מען טאַנצן.

מיין מאַמע וויל העלפן, אָבער איר שוועסטער לאָזט נישט. זי פּילנעוועט איר כסדר, טראָגט איר אַלע ווײַלע צו אַ מאַראַנץ, אַ שטיקל הון, אַ ביסל איינגעמאַכטס און הייסט איר גיין בעסער שפּאַצירן. די צוויי שוועסטער האָבן זיך שטאַרק ליב, כאָטש זיי זענען אַזוי פאַרשידן אין זייער אויסזען און אויך אין כאַראַקטער. מיין מאַמע איז אַ שטילע, אַן איידעלע און קאָן קיין הויך וואָרט נישט אויסרעדן. זי איז ייִנגער פון איר שוועסטער מיט צען יאָר, איז דין, פון נידעריקן וווקס, מיט גרויסע שוואַרצע אויגן און אַ בלייך פּנים. זי קוקט אויף דער עלטערער שוועסטער מיט דרך־ארץ און ליבשאַפט.

*

יום־טובדיק האָט אויסגעזען דאָס שטעטל אין טאָג פון דער חתונה. אַ לויטערער בלויער הימל. די זון שיט מיט זשמעניעס גאָלד. שוין באַ־צייטנס האָבן אָנגעהויבן קומען אָרעמע לייט, וואָס האָבן זיך אָנגעגעסן מיט אַ חתונה־מאָלצייט. מ׳האָט זיי נאָך צוגעגעבן ווייסע בולקעלעך, וואָס זיי האָבן געשטופּט אין די טאָרבעס אַריין.

די כלי־זמרים האָבן אָנגעסטראָיעט זייערע פידלען מיט די באַסן. דער מאַרשאַלעק דרייט זיך אַרום. ער איז אָנגעטאָן אין אַ לאַנג, געהאַקט זשו־פּיצל מיט אַ זיידענעם קאַפּל און שיט שוין באַצייטנס מיט משלים און נימשלס.

ס׳פאַלט צו די נאַכט. די חתונה הייבט זיך אָן. די גרויסע סאַליע איז געפּאַקט מיט געסט. די כלה זיצט אויבן־אָן, אויף אַ הויכן גרינעם, פּליר־

שענעם שטול. ס׳ווייסע קלייד מיטן שלעפּ און לאַנגן וועלאָן ליגט אויס־געלייגט אַרום איר. ס׳בלייכע פּנים שיינט מיט איינגעהאַלטענער פרייד. די מחותנתטעס זענען אָנגעטאָן אין העלע זיידענע קליידער מיט שפּיצן, מיט ברייטע שטערנטיכער און הויכע קאָפּקעס. פון די העלדזער און פינ־גער בלאַנקט מיט פּערל און בריליאַנטן. די אָרעמע ווייבער, ווי אויך ווייטע קרובהס, זיצן שטיל אויף זייטיקע בענק און קוקן צו ווי דאָס יונגוואַרג טאַנצט. כלה־מיידלעך אין ווייסע שיך, ווייסע קליידער מיט הימל־בלויע סטענגעס, פאַרפלאָכטן אין לאַנגע צעפּ, טאַנצן אַ קאַדריל. דאָס קליינוואַרג אין ראָזעווע און ווייסע קליידלעך מאַכן זיך אַ באַזונדער רעדל און טאַנצן אויף אייגענער אחריות. איך דריי מיך אַריין צווישן די כלה־מייד־לעך, כאַפּ אָן אַ האַנט און הוליע מיט, אָבער מיין גדולה געדויערט נישט לאַנג. די כלה־מיידלעך הייסן מיך גיין טאַנצן מיט די קינדער... די מאַנס־לייט מיטן חתן זענען אָפּגעזונדערט, אין אַ זייטיקן חדר. די קאַפּעליע הערט אויף צו שפּילן די וואַלצן און פּאָלקעס. מען גרייט זיך צו דער חופּה... איידער מען פירט חתן־כלה צו דער חופּה, באַזינגט דער מאַרשאַלעק די כלה. מען זעצט זי אַוועק אויפן חתונה־שטול אין מיטן זאַל, און דער מאַר־שאַלעק זינגט אויס מיט אַ טרויעריקן ניגון:

כלהשי, כלהשי, גרייט אָן אַ סך טרערן,
באַלד וועט מען דיך צו דער חופּה פירן,
אין טאָג פון דער חופּה, כלהשי, קינד,
ווערן פאַרגעבן אַלע זינד.
אַזוי ווי די האָר פון דיין קאָפּ ווערן אָפּגעשוירן,
אַזוי ווערסטו, כלהשי, ניי געבוירן...

די ווייבער וויינען און ווישן די אויגן מיט ווייסע נאָזטיכלעך.

באַלד נאָכן באַזינגען די כלה, פירט מען זי צו דער חופּה. איך בין פול מיט דערוואַרטונג. איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געזען קיין חופּה אונטער אַ פרייען הימל.

דער מורה־הוראה, ר׳ ישראל טאַמנוצער, מיט דער רביצין און זייער זון, דער חתן, וווינען אין שכנות מיט דער אַלטער שול, וואָס איר גלייכן איז נישטאָ אין גאַנץ קרוינפּוילן. די שול איז געבויט געוואָרן אין אַלטן

סטיל און שמט מיט אירע קינסטלערישע שניצערייען און אויסגעקאַרווירטן סופיס. פונעם פּאַדערהויז פון דער אַלטער שול נעמען זיך אַרויסשיטן חסידים אין לאַנגע אַטלעסענע קאַפּאָטעס, הויכע שטריימלעך, יונגע לייט אין געהאַקטע זשופּיצלעך מיט פאות, סאַמעטענע און זיידענע היטלען. די חופּה שטעלט מען לעבן דער שול. ס׳זענען שוין דאָ פאַרזאַמלט אַלע געסט, מחותנים און מחותנתטעס מיטן גאַנצן שטעטל, וואָס איז געקומען זען די חופּה. זיי שטייען אָפּגעזונדערט, קוקן מיט גרויס נייגער אויף דער רבנישער חתונה. די כלי־זמרים שפּילן אַ פריילעכס, די פידלען פאַרגייען זיך אין אַ געוויין, און באַלד רופט אויס דער מאַרשאַלעק:

— זאָל מען פירן חתן־כלה צו דער חופּה!

די צוויי מחותנתטעס, די מומע דבורהלע און הינדעלע. די רביצין, פירן די כלה אַרום דעם חתן זיבן מאָל. אַ גרייז־גרויער רב לייענט די כתובה. איבער דעם אַלעם הענגט אַ נאַכטיק בלויער הימל. די לבנה גיסט מיט זילבער. אויבן אין הימל פינקלען די שטערן אַראָפּ צו דער חופּה און זעען אויס, ווי ליכטלעך וואָס זענען לכבוד חתן־כלה אָנגעצונדן געוואָרן. זייערע פלעמלעך מישן זיך אויס מיט די צעצונדענע קאָלירטע געפלאָכטענע ליכט אין די געהויבענע הענט. איך זע צוויי הימלען — איינער אויבן, איינער אונטן.

פון מיינע זעונגען וועקט מיך אויף דאָס פריילעכע שפּילן: חתן־כלה, מזל־טוב. דעם חתנס מאַמע, הינדעלע, די רביצין, טאַנצט אַנטקעגן דעם פאַרפאַלק מיט אַ גרויסן געפלאָכטענעם קוילעטש. ווייבער קושן זיך מיט דער כלה און מיט די מחותנתטעס. יידן גיבן זיך אָפּ מזל־טוב. צוריק פון דער חופּה צום זאַל גייט די קאַפּעליע פאַרויס. זי שפּילט אויף אַ „פריילעכס". דאָס קנאַקן פון די פויקן און זעצן פון באַראַבאַן וועקט אויף די עלטערע פאַרשלאָפענע מענטשן. אין די פענצטער צינדן זיך אָן ליכט און נאָפּט־לעמפּלעך, וואָס קוקן אויס ווי לאַמטערנס. אַנטקעגן שטראַמט רויק דער באַבריקער טייך און שפּיגלט אָפּ דעם זילבער פון דער קלאָרער לבנה. מען פירט חתן־כלה צוריק צום זאַל, ווו עס וואַרט אויף זיי די גאָלדענע יויך. ס׳גייען זיי נאָך מיט טאַנצנדיקע טריט די מחותנים, די משפּחה,

פריינד און ס׳שטעטל. ס׳גייען חסידים אין שטריימלעך, אַטלאַסענע קאַ־פּאָטעס, סאַמעטענע און זיידענע היטלען, אַ ים מיט שטריימלעך.

אין גרויסן זאַל זענען שוין די טישן געגרייט פאַרן חתונה־מאָלצייט. די טישן זענען באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער, אויסגעלייגט מיט זיל־בערנע גאָפּל־לעפל־מעסער. אויף יעדן טיש שטייט אַ זילבערנע קאַנדע־לאַברע. אין זייערע רערלעך ברענען צו זעקס ליכט. פון מיטן סופיט הענגט אַראָפּ אַ גרויסער הענגלאָמפּ, מיט קרישטאָלענע צעפּעלעך, וואָס וואַרפן מיט קאָלירן פון רעגן־בויגן. די געסט זעצן זיך אַרום די טישן. דער מאַר־שאַלעק דרשנט, די כלי־זמרים גרימפּלען. די סאַרווערס טראָגן זילבערנע טאַצן מיט יום־טובדיקע מאכלים. חתן־כלה האָט מען אַוועקגעפירט אין אַ באַזונדערן חדר, ווו זיי זענען צום ערשטן מאָל צוזאַמען און עסן די גאָלדענע יויך. מיט אַ מאָל ווערט עפּעס אַ געשריי, אַ געפּילדער אין קיך. איך זע, ווי מיין מוטער פאַרלאָזט דעם טיש, זי הייבט אונטער דעם שלעפּ פון איר העל־בלויען זיידענעם קלייד און לאָזט זיך גיין. איך גיי איר נאָך. דאָרט ווערן מיר געוווירע, אַז נעכע, די דינסט, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה צוזאַמען מיט די זילבערנע לייכטער און ספרים־שאַנק פון דער באָבען און זיידן און האָט די קינדער אויסגעכאָוועט, האָט על־פּי טעות אויסגעגאָסן אַ גרויסן טאָפּ יויך אויף די שמוציקע טעלער, וואָס זי האָט געוואַשן, געמיינט האָט זי, אַז דאָס איז דער טאָפּ מיט ריין הייס וואַסער. די מומע דבורהלע רייסט זיך ביים שייטל און וויינט, שרייט, זידלט און ספּאַזמירט. אָבער מיין מאַמע נעמט זי איין, אַז ערשטנס איז דאָ נאָך אַ טאָפּ יויך און, צווייטנס, מוז מען נישט טיילן גרויסע פּאָרציעס, זאָל מען אויסטיילן די יויך אין קליינע שעלעכלעך. ס׳איז דאָ גענוג, טרייסט זי די שוועסטער.

נעכע איז איבער אַכציק יאָר. זי איז טויב, האַלב בלינד. זיצט זי איצט און וויינט אויף דעם גרויסן שאָדן, וואָס זי האָט געבראַכט. אָבער מיין מאַמע טרייסט זי און מאַכט אַ פּשרה, אַז זי זאָל צוזאַמענעמען די קלע־נערע קינדער באַלד נאָך דער חתונה, זיי לייגן שלאָפן אין דער בוי־דעמשטוב און אויף זיי אַכטונג געבן.

דאָס חתונה־מאָלצייט איז געענדיקט, און ס׳הייבט זיך אָן דער כלה־

טאַנץ. חסידים אין שטריימלעך און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס טאַנצן מיט דער כלה. אַ חסיד האַלט איך האַנט אַ רויט טיכל, די כלה נעמט אָן דעם שפּיץ פון דער פאַטשיילע. זיי דרייען זיך צום טאַקט פון דער קאַפּעליע. אַזוי איין חסיד נאָכן אַנדערן.

ס׳איז שוין געווען אין דער שפּעטער נאַכט, ווען מען האָט אויפגע־שפּילט דאָס מיצווה־טענצל. די מחותנתטעס טאַנצן מיט דער כלה און טאַנצנדיק פירן זיי זי אַפּ אין אַ זייטיקן חדר. מיט געזאַנג און טענץ פירן די חסידים אַוועק דעם חתן. איך קוק מיט נייגער אויף דעם יונגן מאַן. ער איז הויך, דין, מיט אַ ראַזעווען פּנים, געקרייזלטע רויטע פאות און גרויסע בלויע אויגן. קוקט אויס ווי אַ יאָר ניינצן. ווען מען זאָל אים אָפּשערן די פאות, פאַלט מיר איין, וואָלט ער אויסגעקוקט ווי סטאַשעק דעם גוט־באַזיצערס זון. דער עולם פאַרלאָזט איינציקווייז דעם זאַל. די כלי־זמרים נעמען אונטערן אָרעם די פידלען און פויקן און גייען אַוועק. די לאָמפּן ווערן פאַרלאָשן. די חתונה איז געענדיקט.

אין מיטן ליידיקן זאַל שטייט די אַלטע נעכע, אַרומגערינגלט פון אַכט קליינע קינדער. אָבער איך, די ניינטע, וויל מיך נישט רירן פון אָרט. איך קאָן גאָר נישט מוחל זיין מיין מומע דבורהלען וואָס האָט מיך צוזאַמענגע־פּאָרט מיט קליינע קינדער! איך בין שוין אַ מויד פון אַריבער עלף יאָר. אָט האָט מיך היינט אַ דינסט גערופן „פריילין״! און מיין טאַטע האָט געזאָגט, אַז מען רעדט מיר שוין אַ שידוך... ניין, איך וועל נישט גיין שלאָפן מיט די קינדער! אַ פּאָר פון די שלעפעריקע קינדער וויינען. נאָר, אַז נעכע זעט אַז איר בעטן העלפט נישט, טוט זי פּלוצלונג אַ זאָג:

— באַלד וועט מען אויסלעשן דעם לעצטן לאָמפּ, אין זאַל וועט ווערן פינצטער, ס׳וועט זיך אָנפאַנגען די חתונה פאַר דער פאַרשטאָרבענער משפּחה. שדים און רוחות וועלן אַהער קומען, און אויב דו וועסט דאָ פאַר־בלייבן, וועלן זיי דיך מיטנעמען אויף יענער וועלט... עס איז מיך באַ־פאַלן אַ מורא און אָן אַ וואָרט בין איך מיט שלעפערדיקע טריט נאָכגעגאַנגען נעכען מיטן קליינוואַרג. די קינדישע פיסלעך זענען שנעל געלאָפן איבער די טרעפּ צו דער בוידעמשטוב, און איך בין געבליבן ווייט הינטערשטע־ליק. איך הער ווי נעכע עפנט אויף די טיר, זי לאָזט אַריין די קינדער.

ס׳וועָרט שטיל. ס׳טוט אַ קלאַפּ די טיר. איך הער, ווי זי שליסט צו מיטן שליסל. איך בלייב אין דרויסן הינטער אַ פאַרמאַכטער טיר. איך קלאַפּ און קלאַפּ. איך הער אַ גערודער פון קינדער. אָבער קיינער ענטפערט נישט. אַ מינוט בין איך פאַרצווייפלט. נאָר באַלד באַפאַלט מיך אַ פרייד פונעם געדאַנק, אַז איך וועל נאָך היינט שלאָפן מיט די גרויסע. מיט פאַר־מעלעכע, איינגעהאַלטענע טריט לאָז איך זיך גיין מיט אַ גאָרן נידעריקער. איך בלייב שטיין פאַר דריי נייע, ווייס־געפאַרבטע טירן. דאָ שלאָפן מסתמא די געסט. די לבנה שיינט העל אַריין דורך אַ קליין פענצטערל. וועלכע טיר זאָל איך עפענען? אַ מינוט וואַרט איך און קלייב אויס די לעצטע. שטיל, ווי אַ גנב, וואָס דראַפּעט זיך אַריין אין אַ פרעמדער וווינונג, טו איך אַ דריי מיט דער קליאַמקע.

דורך די שפּאַרעס פון די פאַרמאַכטע לאָדנס שלאָגן זיך דורך זילבערנע פאַסן ליכט. איך זע אויף אַ בענקל ליגט דער כלהס שלייער, אויף אַ צווייטן — דאָס חופּה־קלייד. איין בעט איז פאַרבעט מיט אַ הויכן שטויס קישנס. פון צווייטן טראָגט זיך אַ ווייבלעך איינגעהאַלטן קרעכצן, מענעריש שעפּ־טשענדיקע, צערטלעכע רייד... איך בין ווי היפּנאָטיזירט. עפּעס צינדט זיך אָן אין מיין נעפּלדיקן מוח. מיצווה... מיצווה־טענצל, מיצווה?! איך באַגרייף, אַז איך מוז אַנטלויפן. וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען חתן־כלה דערזעען מיך דאָ פּלוצלונג?! איך וויל לויפן, אָבער איך בין ווי צוגע־נאָגלט צום דיל. אַ געהיימער כוח האַלט מיך פעסט און לאָזט מיך נישט רירן זיך פון אָרט. נאָך איין מינוט... כאָטש נאָך איין רגע... אַלץ אין מיר איז פאַרטויבט, באַרוישט... מיט די לעצטע כוחות שאַר איך מיך אויף די שפּיץ פינגער אַרויס פון דער פאַרכישופטער שטוב, בלייב שטייק אויף דער צווייטער זייט טיר. איך בין, ווי אין אַ טראַנס. ס׳פאַלט מיר איין, אַז דאָס וואָס איך האָב געזען, איז געווען אַ מין פאַרבלענדעניש... אַ שפּיל פון נישט־גוטע, פון שדים, פּיפּערנאָטערס און שרעטעלעך. האָט דאָך מיר טאַקע נעכע געזאָגט... און מיט אַ מאָל דערזע איך, ווי עס וואַקסט אויס אַ מענטש אין אַ ווייסן לאַנגן נאַכט־העמד, אַ ווייסע קאַפּקע, אַ מכשפה, „אַ נישט־גוטע״, איינע פון יענע... איך וויל שרייען און קאָן נישט. יאָ, אַ מכשפה אין אַ קיטל. באַלד וועט זי אַרויפקרייטן אויף אַ לאַנגן בעזעם

און מיך מיטשלעפּן... זי לייגט צו אַן אויער צו חתן־כלהס שטוב. האָרכט זיך איין. מיט אַ מאָל דערזעט זי מיך, ווי איך שטיי אין אַ ווינקל און ציטער. זי כאַפּט מיך פעסט אָן ביי דער האַנט און פרעגט מיך מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— וואָס טוסטו דאָ?!

די פריערדיקע מורא פאַרשווינדט. איך זע קלאָר, אַז ס'איז נישט קיין מכשפה — דאָס איז גאָר מיין מומע דבורהלע.

— איך... האָב נישט ווו צו שלאָפן, שטאַמל איך אַרויס.

— וואָס הייסט דו האָסט נישט ווו צו שלאָפן?! אויבן מיט די קינדער!

איר באַפעלערישער טאָן צינדט אָן מיין איינגעשפּאַרטקייט, און איך ענטפער שטיל און טראָציק:

— איך וועל נישט גיין! — איך וויל שלאָפן מיט די גרויסע!

זי הייבט אויף די הענט ווי צום שלאָגן. נאָר לאָזט זיי גיך אַרונטער, טוט מיט רוגזה מיך אַ שלעפּ פאַרן אָרעם און זאָגט מיט אַ שטילן כעס:

— אַ, דו ביסט אַ סחורה!... איך וויל איצט נישט מאַכן קיין טרע־וואָגע... אויפוועקן די געסט מיט דיין שוואַכער מאַמען. מאָרגן, אם ירצה השם, וועסטו שוין קריגן דיין חלק און איצט גיי פּאָפּן מיט די גרויסע.

# מיין באָבעס גאָלדענע קייט

אַ מתּנה מיינע שוועסטערקינדער:
שׂרהן, טשיפּען און חוהן.

אַ גאַנצן טאָג שבת איז געפאַלן אַ געדיכטער שניי. איך בין געשטאַנען ביים פענצטער און מיט דער פּאַרע פון מויל אַראָפּגעבלאָזן די פּראָסטיקע בלימעלעך פון די שויבן. איך האָב דערביי פרום געבעטן ביי גאָט, ער זאָל אָפּשטעלן דעם כסדרדיקן שניי און חלילה נישט אָנשיקן קיין זאַווערוכע, האָט דאָך די מאַמע בפירוש געזאָגט: אויב דער וועטער וועט זיך נישט אויסלייטערן, וועל איך נישט מיטגיין צו דער באָבען און זיידן אויף דער מלווה־מלכּה. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז אין יענעם שבת צו נאַכט וועט דאָרטן זיין אַ טאָפּלטע שׂמחה. די באָבעשי וועט אַראָפּנעמען דריי רינגעלעך פון איר גאָלדענער קייט און דאָס געבן איר עלטסטן אייניקל, דינהלען, וואָס האָט ערשט חתונה געהאַט. אַזוי האָט זיך שוין געפירט פּאַר דורות.

צום ערשטן האָט די באָבע אויסגעטיילט די ברעקלעך פון איר גאָל־דענער קייט צו אירע צוויי חתונה־געהאַטע טעכטער און פיר שניר. דאַן ערשט האָט זי אָנגעהויבן טיילן די גאָלדענע רינגעלעך צו אירע אייניקלעך. איך בין געווען אין גרויס מורא, אַז פאַר מיר וועט גאָרנישט בלייבן. איך האָב געענוי אויסגערעכנט, אַז די באָבע פאַרמאָגט אַכט און צוואַנציק איי־ניקלעך. איך בין געווען דאָס נייַנצנטע און בין נאָך קיין פולע צען יאָר נישט אַלט געווען. איך האָב דערפאַר באַשלאָסן צו בעטן דער באָבען, זי זאָל פאַר מיר איבערלאָזן דעם „ריטשער", וואָס האָט אין מיינע אויגן אויס־געקוקט ווי דאָס שענסטע שטיקל צירונג אין דער גאַנצער וועלט.

ווען די באָבע פלעגט אין די שבתים, אין די יום־טובֿים און אויך אויף שׂמחות אָנטאָן די גאָלדענע קייט, האָט זי געהאַט אַ טבֿע צו רוקן דעם ריטשער אַראָפּ און אַרויף. דער ריטשער איז געווען פלאַך און רונדיק,

ווי אַ קאָפּיקע די גרויס. אויף דער לינקער זייט גאָלדיק־גלאָט, אויף דער רעכטער זייט, אין מיטן, איז געווען אַ ברילִיאַנטן שטיינדל און אַ בלימעלע פון סאַפּירן. רונד אַרום זעבען געווען אויסגעזעצט קליינע ווייסע פּערעלעך, וואָס האָבן ווי אַ ראָד אַרומגענומען דעם ריטשער.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. ס׳האָט אויפגעהערט צו שנייען. די מאַמע האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער צום הימל. ווען זי האָט דערזען די ערשטע שטערן, האָט זי אָפּגעזאָגט „גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב״. דער טאַטע האָט געמאַכט הבדלה און גלייך האָט מען מיך און מיין שוועס־טערל אָנגעפּעלצט אין פוטערנע זשאַקעטלעך און מיר האָבן זיך זאַלבע פערט געלאָזט גיין מיט דער שול־גאַס צו דעם זיידנס און באָבעס נחלה.

עס האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ ווייס־פאַרשנייט שטעטל, מיט קליינע הייזעלעך און זילבערנע דעכער. די ביימער זענען געווען איינגע־הילט אין ווייסער וואַטע. אויף די צווייגן איז אַנגעפאַלן אַ הויכער שניי. די שוואַרצע ערד איז געווען צוגעדעקט מיט אַ ווייסער פּוכיקער פּערענע, באַשפּרינקלט מיט דימענטן. פון די באַזילבערטע שטיבעלעך האָט דורך די קליינע פענצטערלעך זיך דורכגעשלאָגן אַ געלבלעכער שיין פון די נאַכט־לאָמפּן.

איבער דעם אַלעם איז הויך געהאָנגען אַ נאַכטיק בלויער הימל מיט פינקלדיקע שטערן. אַ גרויסע, קיילעכדיקע לבנה איז אונדז נאָכגעגאַנגען און באַלויכטן דעם וועג.

איך האָב פון גרויס פרייד און איבערגעלאָדענער ענערגיע גענומען וואַרפן קוילן שניי אויף מיין שוועסטערל. זי האָט זיך צעוויינט, און דער טאַטע איז געווען גרייט מיך אָפּצושיקן צוריק אַהיים. די מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט און נאָך דעם ווי איך האָב צוגעזאָגט צו זיין גוט און פרום, זענען מיר גאָך אַ לענגערן וועג אָנגעקומען צום זיידנס הויז ווו עס איז שוין געווען צונויפגעזאַמלט די משפחה, די זין און טעכטער, איידעמס און שניר און די עלטערע אייניקלעך. די קליינוואַרג האָט מען איבערגעלאָזט אין דער היים, — וועמען מיט אַ קרובה, וועמען מיט אַ דינסט.

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט מיט חנהלען, וואָס איז געווען אַחוץ

מיין שוועסטערקינד, אויך מיין באַענטסטע פריינדין. מיר זענען געווען אין די זעלבע יאָרן, אויך זייער ענלעך אין אויסקוק — מיט ברוינע אויגן און שוואַרצע, לאַנגע צעפּעלעך. די משפחה פלעגט אונדז רופן „דער צווילינג״.

ס'הויז איז געווען פול מיט פריילעכן טומל. פון קיך האָט זיך געטראָגן אַ געשמאַקער ריח פון קרופּניק מיט אַנריישעכץ.

די משפחה מיטן יונגן פּאָרפּאָלק — דינהלע און בנימין — האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום אַ לאַנגן ווייס־געדעקטן טיש. די באָבע מיטן זיידן זענען געזעסן אויבנאָן. די טעכטער האָבן זיך געפּאָרעט אין קיך און צוגעטראָגן צום טיש געשמאַקע מאכלים. דער זיידע יונתן, וואָס איז געווען דער עלטסטער גבאי ביים נאָוואָראַדאָמסקער רבין, ר' יחזקאלע, האָט דער־ציילט מופתים פונעם הייליקן צדיק, תפארת שלמה ז"ל. דערביי האָט ער זיך געוויגט, ווי ער וואָלט געזעסן איבער אַן אָפענער גמרא און כסדר גע־גלעט זיין לאַנגע גרויע באָרד.

די באָבע, חיה־טייבעלע, איז געזעסן לעבן זיידן אַ צעשטראַלטע, גע־שעפּט בחת פון איר מאַן, דעם למדן, פון אירע גאָטספּאָרכטיקע קינדער און אייניקלעך. אין אויסזען איז זי געווען פונקט דער היפוך פון זיידן — אַ הויכע, פעסטגעבויטע, מיט אַ רונד פּנים און רויטע בעקלעך, טונקל־בלויע אויגן, ווי אַ קלאָרער נאַכטיקער הימל. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ גראַנאַט־טאַפטן קלייד מיט בלויע שפּיצן. איר קאָפּ איז געווען באַצירט מיט אַ שוואַרצער אַטלאַסענער קופּקע מיט אַ טשיפּיק, פול מיט קאָלירטע קרעלן און רויט־בלויע פעדערלעך. ווען זי האָט גערעדט, האָבן זיך גע־באָמבלט אירע לאַנגע גאָלדענע אוירינגלעך. איר האַלדז איז געווען באַ־צירט מיט דער גאָלדענער קייט, מיטן בלישטשענדיקן ריטשער און מיט אַ זייגערל.

באַלד נאָך דער מלווה־מלכה זענען מיר אַלע געבליבן זיצן שטיל און געוואַרט אויף דער באָבעס רייד. זי האָט זיך אויפגעשטעלט. איר הויכע שטאַלטנע פיגור איז עפּעס ווי העכער געוואָרן. דאָס לינקע אויג איז געווען האַלב פאַרמאַכט, אין רעכטן אויג האָט געבלישטשעט אַ טרער. זי האָט אַ שווייגנדיקע אויסגעטאָן די גאָלדענע קייט, פון דאָרטן אַראָפּגענומען

דריי רינגעלעך און נאָך דעם ווי זי האָט דאָס דערלאַנגט איר אייניקל, האָט זי מיט אַ ציטער אין קול געזאָגט:

— מיין עלטסט אייניקל דינהלע, איך גיב דיר דריי רינגעלעך און זאָל די גאָלדענע קייט דיר ברענגען מזל, ברכה, פּרנסה און אַ גרינג האָבן און נחת פון דיינע קינדער. און זאָלן די ברעקלעך פון מיין גאָלדענער קייט האַלטן צוזאַמען מיינע קינדער און קינדס־קינדער. אמן סלה.

מיר האָבן אַלע פרום נאָכגעזאָגט: „אָמן".

אויף דינהלעס בלאַס פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ רויטע פאַרב. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ פאַרשעמטע אויך נאָכגעזאָגט „אָמן".

אַרום האָט געהערשט אַ פייערלעכע שטילקייט. מיט אַ מאָל האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— באָבעשי, איך וויל, דו זאָלסט פאַר מיר איבערלאָזן דעם ריטשער! און ספּאָנטאַן האָבן אַלע אויסגעשאָסן אין אַ הילכיק געלעכטער.

— נאַרישע רייד — האָט די באָבע געזאָגט — אַז דו וועסט אם־ירצה־השם אויסוואַקסן און אַ כלה ווערן, וועסטו קריגן דיין חלק.

— ניין! — האָב איך עקשנותדיק געענטפערט. — דעם ריטשער וויל איך!

די משפחה איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ הילכיק לאַכן. חנהלע האָט פון אונטערן טיש מיך געצויגן פאַרן קלייד, איך זאָל אויפהערן.

איך האָב זיך מיט אַ מאָל פאַרשעמט פאַר די „נאַרישע רייד" און הילכיקן געלעכטער און האָב אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין.

דער זיידע האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און שטרענג געזאָגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ געלעכטער? הער אויף צו וויינען, שרהלע. אַז דו וועסט מיט הקדוש־ברוך־הוא'ס הילף אַ כלה ווערן און חתונה האָבן, וועסטו קריגן דעם ריטשער פון דער באָבעס גאָלדענער קייט. — זיין קול האָט געקלונגען שטרענג און זיכער.

אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן.

אַהיים בין איך געגאַנגען אַ פריילעכע און אַ באַפרידיקטע.

איך האָב געהערט ווי מיין מאַמע האָט געזאָגט דעם טאַטן:

— זי איז אין גאַנצן אין דיר געראָטן. שפּאַרט זי זיך איין, און וויל עפּעס, רוט זי נישט ביז זי פירט דאָס אויס.

מיין פאָטער האָט אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— נו, מילא, זאָל דאָס זיין איר ערגסטער חסרון.

טעג און וואָכן זענען געלאָפן. פון וואָכן זענען געוואָרן חדשים, פון חדשים — יאָרן. דער משפחה־בוים איז זיך צעוואָקסן, די צווייגן האָבן זיך געריסן צו די הימלען, געצויגן אין ווייטע מקומות. די באָבע האָט געטיילט די רינגעלעך פון דער גאָלדענער קייט צו אירע אייניקלעך. די קייט איז געוואָרן קירצער און קירצער און האָט אפילו נישט געסטייעט אַרומצונעמען איר דינעם האַלדז. די קינדער און אייניקלעך זענען זיך ביסלעכווייז צעפאָרן אין גרעסערע שטעט: ווער קיין לאָדזש, ווער קיין טשענסטאָכאָוו. צוויי אייניקלעך זענען אַוועק קיין וואַרשע שטודירן. דאָך, ווען עס איז געקומען אַ יום־טוב אָדער עפּעס אַ שמחה, זענען אַלע געקומען אַהיים, און די גרויסע משפּחה איז ווידער געווען גאַנץ און צוזאַמען.

מיטן גאַנג פון צייט האָט זיך אויך צעוואָקסן דער אַנטיסעמיטיזם. דאָס רויִקע, פרידלעכע שטעטל האָט מיט שרעק דערפילט, אַז עס קומען אָן ביטערע צייטן פאַר יידן.

מיין פאָטערס געשעפטן האָבן אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ. ער פלעגט כסדר אַרומגיין אַ פאַרטראַכטער, זיך געגריבלט אין די צייטונגען, וואָס זענען אים אָנגעקומען פון וואַרשע. און איין מאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען פון מנחה ומעריב, האָט ער שטיל, אָבער פעסט אַ זאָג־געטאָן:

— מיר פאָרן קיין אַמעריקע...

מיין פאָטער מיט זיינע בני־בית זענען געווען די ערשטע צו פאַרלאָזן די היים. אַ צווייטער זון איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַנאַדע. אַ דריטער קיין ארץ־ישראל. דריי אייניקלעך האָבן אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַמעריקע און זיך באַזעצט אין בוענאָס־איירעס. און אַזוי האָבן צווייגן פון דעם ברייט־צעוואָקסענעם משפחה־בוים זיך געגומען ברעכן. זין, טעכטער, איי־דעמס און שנירן מיט אייניקלעך זענען זיך צעפאָרן איבער אַלע שבעה ימים. דאָך איז נאָך אַלץ דער גרעסטער טייל פון דער משפּחה געבליבן אין דער היים.

איך האָב דורך די יאָרן פון זיין אין אַמעריקע אָנגעקליבן אַ גרויסע קאָלעקציע מאַרקעס, דורך די בריוו וואָס זענען אונדז אָנגעקומען פון אַלע טיילן וועלט פון דער צעזייטער משפּחה. דער זיידע איז נפטר געוואָרן, און די באָבעשי האָט געוווינט ביי איר יינגסטער טאָכטער, ביי דבורהלען..

דורך די בריוו, וואָס די מומע דבורהלע האָט אונדז געשריבן, האָט זי געלאָזט וויסן, אַז די באָבע איז אַלט און געבויגן. זי האָט אַליין פאַר זיך אויפגעגנייט תּכריכים און זיי אָפּט אָנגעמאָסטן. דאָך האָט זי נאָך אַלץ געגלויבט באמונה שלימה, אַז די אָפּגעקייטלטע רינגעלעך פון איר גאָלדענער קייט, וואָס זי האָט צעטיילט, וועלן, סוף־כל־סוף, צוזאַמענקייטלען אירע קינדער און קינדס־קינדער און זיי אויך ברענגען מזל און ברכה.

מיטן אָנקום פון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט אויך אויפגעהערט דער כסדרדיקער גאַנג פון בריוו. עס האָט זיך מיט אַ מאָל איבערגעריסן דער דינער פאָדעם, וואָס האָט זיך געצויגן איבער ווייטע ימים צו דער צעזייטער משפּחה. אָפּט האָב איך מיט בענקשאַפט געטראַכט וועגן דעם זיידנס און באָבעס הויז, וועגן די מלווה־מלכות מיט דער משפּחה, דעם פריילעכן טומל, דאָס טיילן פון דער באָבעס גאָלדענער קייט. ווו זענען ערגעץ אַהינ־געקומען די רינגעלעך מיט דעם וווּנדערלעכן ריטשער?

נאָך דער מלחמה זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז מיר האָבן פאַרלאָרן אונדזער גרויסע משפּחה. זיי זענען אַוועק צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים. בלויז פיר זענען געבליבן — מיין שוועסטערקינד חנהלע, מיט אירע דריי קינדער — איר מאַן איז אומגעקומען. ווי נאָר מען האָט חנהלען באַפרייט פון לאַגער, איז זי גלייך מיט איר צווייטן מאַן און קינדער אָפּ־געפאָרן צו אירע שוועסטער און ברידער אין אַרגענטינע.

ווען איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין שוועסטערקינד, אַז חנהלע מיט אירע קינדער לעבן און קומען צו זיי, האָב איך לאַנג געוויינט און באַשלאָסן, אַז איך מוז זיך זען מיט זיי.

מיט אַ יאָר שפּעטער האָט אַ שיף מיך געוויגט אויפן אַטלאַנטישן ים. די שיף האָט מיך געפירט צו אַ טייל פון מיין פאַרבליבענער משפּחה.

נאָך קנאַפּע דריי וואָכן אויפן ים איז די שיף ענדלעך אָנגעקומען אין דעם בוענאָס־איירעס־האַפן. און ווי נאָר איך האָב מיינע ערשטע טריט גע־

שטעלט אויף דער אַרגענטינער ערד, האָבן זיך פון ווייטנס הענט צו מיר געצויגן, ווייסע טיכלעך האָבן געפלאַטערט אין דער לופטן און גלייך האָב איך דערקענט די „משפחה". אַלע זענען זיי דאָרטן געווען פאַרזאַמלט. די שוועסטערקינדער מיט זייערע מענער, פרויען און קינדער. דער טומל און די אויסגעשרייען און די פרייד איז געווען גרויס און האָט פאַרהילכט די לופט. איך האָב מיט די אויגן געזוכט חנהלען און בישט געזען. מיט אַ מאָל האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַן אַלטע, גרויע פרוי מיט אַ גע־קנייטשט פּנים, אויסגעלאָשענע אויגן און אַ געבויגענעם רוקן. ס'האָט מיר אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. מיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן האַסטיקער. ווי אויסטערליש — די באָבע חיה־טייבעלע, איז מיר איינ־געפאַלן.

— שרהלע, — האָט די זקנה אויסגערופן. — דאָס בין איך, דיין שוועסטערקינד, חנהלע... — און זי האָט אַ פאַל געטאָן אויף מיין אַקסל.

מיר האָבן ביידע געוויינט. נאָך אַ ווײַלע האָט זי אויסגעווישט אירע אויגן, האָט אויף מיר לאַנג געקוקט און געזאָגט:

— קיין עין־הרע, ווי שיין דו זעסט אויס! דו בליסט דאָך ווי אַ יונג מיידל. נו, איך קום דאָך פון „יענער וועלט", — האָט זי זיך ווי פאַרענטפערט.

— דו געדענקסט? מען פלעגט דאָך אונדז רופן דער צווילינג...

איך האָב זיך מיט אַ מאָל פאַרשעמט פאַר מיין יונגן אויסזען. איך האָב אַראָפּגעכאַפּט מיין הוט מיט די פעדערן און געזאָגט:

— נו, קוק, אַז דו וועסט זוכן, וועסטו אין מיינע שוואַרצע האָר געפינען גרויע פעדעם.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— אויב דו וועסט זוכן, וועסטו אין מיין גרויען קאָפּ נאָך אויך געפינען עטלעכע שוואַרצע האָר...

אויפן וועג אַהיים האָט מיר חנהלע מודה געווען, אַז עס גייט שוין אַ לענגערע צייט אַן אַ סכסוך ביי דער משפחה איבער מיר. מיינע איינגע־בירגערטע שוועסטערקינדער, וואָס האָבן גרויסע, באַקוועמע היימען, ווילן איך זאָל וווינען ביי זיי. אָבער זי, חנהלע, וויל, איך זאָל זיין ביי איר. איך האָב לאַנג נישט געטראַכט און גלייך געענטפערט:

— איך וועל זיין ביי דיר, און אויך ביי דבורהן.

חנהלע האָט אין לאַגער חתונה געהאַט מיט אַ פרומען יידן. זי האָט געפירט אַ כשר הויז. שבת צו נאַכטס איז זיך צוזאַמענגעקומען די משפחה, לאַנדסלייט און פריינד. מ׳האָט געפראַוועט אַ מלווה־מלכה פונקט ווי אַ מאָל, אין דער היים, ביי דעם זיידן און באָבען. אָפט, אַז איך האָב פאַרמאַכט די אויגן, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין צוריק אין דער היים און הער דער באָבעס קול.

ווען מיר זענען געבליבן אַליין, פלעגט מיר חנהלע אויסדערציילן וועגן אירע פיינען אין די לאַגערן, ווי אַזוי עס איז אומגעקומען אַ טייל פון דער משפחה, אויך איר ערשטער מאַן.

איך האָב איר איין מאָל געזאָגט, אַז זי טאָר זיך נישט באַקלאָגן. זי דאַרף זיך שעצן גליקלעך, וואָס זי איז געבליבן לעבן מיט אירע אַלע דריי קינדער. דאָס איז דאָך דער גרעסטער נס.

— איך גלויב צו ערשט אין גאָט און דאַן אין דער הייליקער קמיע.

— וועלכע קמיע — האָב איך מיט גרויס נייגער געפרעגט.

זי האָט נישט גלייך געענטפערט, האָט אַ ווײַלע געשוויגן, עפעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך מישב געווען מיט זיך אַליין, און מיט אַ מאָל האָט זי זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, געעפנט אַ שופלאָד און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ ווייס פאַרוויקלט טיכעלע. זי האָט דאָס פאַרזיכטיק אויפגעקניפט און פון דאָרט אַרויסבאַקומען אַ שטיקל צירונג און האָט דאָס צוגעטראָגן צו מיין פנים.

ס׳האָט מיר אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן, איך האָב מיט עפעס אַ פרעמד קול אויסגערופן:

— אוי, דער באָבעס ריטשער פון דער גאָלדענער קייט!!!

איך האָב אויסגעשטרעקט די האַנט און דערביי געבעטן:

— גיב עס מיר, חנהלע, געדענקסט, דער זיידע האָט דאָס מיר צוגעזאָגט?

זי האָט אַ דערשראָקענע גיך איינגעוויקלט ס׳שטיקל צירונג צוריק אין ווייסן טיכעלע און געזאָגט:

— שרהלע, אַלץ אין דער וועלט וואָלט איך דיר אָוועקגעגעבן. אַלץ, נאָר נישט דאָס! נאָר נישט דאָס — און זי האָט דער באָבעס ריטשער איינגעשלאָסן אין אַ שופלאָד און באַהאַלטן דאָס שליסעלע.

וואָכן זענען געלאָפן. עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון מיין אָוועקפאָרן. אין די לעצטע טעג האָב איך מיט בענקשאַפט געקוקט אויפן פאַרשלאָסענעם שופלאָד, ווו עס איז געלעגן דער גרויסער אוצר — אונדזער באָבעס ריטשער.

ווען חנהלע האָט נאָר געזען, ווי איך וואַרף אַזעלכע וועלפּישע בליקן צום שופלאָד, פלעגט זי עפּעס ווי אַ פאַרשעמטע אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ, אָבער גערעדט וועגן דעם האָבן מיר נישט.

איין מאָל, ווען איך האָב געפּאַקט מיינע זאַכן און זיך געקליבן אָפּפליען צוריק אין די שטאַטן, איז חנהלע אַריינגעקומען פון קיך מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט מיך ווידער געבעטן, איך זאָל נישט פליען. די לופטשיף האָט איר געשראָקן און זי איז דורכויס באַשטאַנען, אַז מיין רייזע זאָל ווידער זיין מיט דער שיף. נאָר, ווען איך האָב איר דערקלערט, אַז איך מוז זיין צו אַ באַשטימטער צייט צוריק אין דער היים און איר געוויזן דעם פליבילעט, האָט זי מער גאָרנישט געזאָגט און האָט אַ שווייגנדיקע מיר דערלאַנגט עפּעס אַ קליין פאַרוועלקט פּעקעלע און געזאָגט:

— נאַ, עס איז נישט אַזאַ גרויסע מתנה, ווי עס האָבן דיר געגעבן מיינע שוועסטער און ברידער. דערפאַר אָבער... — זי האָט נישט געענדיקט.

מיין האַרץ האָט עפּעס שטאַרקער אָנגעהויבן צו קלאַפּן. איך האָב אָן אויפגערעגטע אויפגעפּאַקט דאָס פּעקעלע. עס האָט אַ בליאַסק געטאָן דער באָבעס גאָלדענער ריטשער. איך בין פון גרויס איבעררעאַשונג געשטאַנען אַ פאַרלוירענע און נישט געקאָנט געפינען קיין ווערטער עפּעס צו זאָגן, בין איך געבליבן שטיין מיטן ריטשער אין האַנט און געשוויגן.

— טראָג דאָס געזונטערהייט, אויף אַ קייטעלע זאָלסטו דאָס אָנטאָן. דער זיידע האָט דאָך דאָס דיר צוגעזאָגט. דאָס וואָלט אוודאי אויך געוועזן אונדזער באָבעס ווילן. מיינע שוועסטער און ברידער דאָ האָבן רינגעלעך פון דער גאָלדענער קייט. דו מיט דיינע שוועסטער אין אַמעריקע האָבן גאָרנישט...

איך האָב מיט אַ מאָל דערפילט ווי עס נעמט מיך אַרום אַ גרויסע פרייד. איך בין די באַזיצערין פון אַ דורותדיקן אוצר. כדאי געוועזן צו שווימען איבער ווייטע ימים און פליען איבער הויכע הימלען, כדי אָפּצונעמען דער באָבעס גרויסע ירושה.

# אברהמעלע צדיק

מיין זיידע האָט אָן אויפגערעגטער געשפּאַנט איבער דער שטוב. זיין קול איז געווען אָנגעלאָדן מיט כעס. ער האָט אי געשריגן, אי געבעטן:

— וואָס ווילסטו פונעם בחור האָבן? וואָס האָט אברהמעלע צו טאָן אין מאַרק, אין דער קראָם דיינער?!

— ווער האָט געשיקט נאָך אים? ער איז אַליין געקומען צו לויפן, געוואָלט מיר העלפן — האָט זיך די באָבע פאַרענטפערט: — איך האָב אים גלייך אָפּגעשיקט אַהיים, און אין איין וועגס שוין מיטגעגעבן אַ קליין פּעקעלע סחורה איבערצובייטן.

— אַט אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן מיט אַלע דיינע זין (ווען דער זיידע איז געווען בייז זענען די קינדער געווען בלויז דער באָבעס), אַי־בערבייטן אַ פּעקל, קויפן סחורה, העלפן פאַרקויפן, און וואָס איז פון זיי געוואָרן? בעל־מלאכהס, סוחרים, שאַכער־מאַכער, גאַרנישטן!

—זיי זענען, געלויבט דעם אייבערשטן, לייטישע קינדער, ערלעכע יידן — האָט די באָבע פאַרענטפערט אירע זין.

— דעם — האָט ער אָנגעוויזן אויפן צען יאָריקן יינגל — וועסטו מיר נישט קאַליע מאַכן, ער איז אונטער מיין רשות און בלי־נדר, באַלד נאָך שבת, פאָר איך מיט אים קיין ניישטאָט, וועל אים אָפּגעבן אין דער זשאַ־נאָווער ישיבה, און דאָרטן וועט ער לערנען, ביז ער וועט קריגן סמיכה אויף רבנות.

אברהמעלע איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און געשוויגן. אַ דאַרער, אַ ספּריטנער, מיט שוואַרצע פינקלדיקע אייגעלעך, האָט ער אויסגעקוקט אַ יאָר אַכט. דערהערט, אַז מען וויל אים שיקן אין דער פרעמד, האָט ער זיך פלוצלונג צעוויינט.

— וויין נישט, אברהם בונעם — האָט אים דער זיידע געטרייסט. — דו וועסט אם־ירצה־השם אויסוואַקסן אַ ייד אַ למדן, האָסט אַ גאָלדן קעפּל,

דיין לערנען שמט שוין איבער דער שטאָט. דו ביסט, דיר צו לאַנגע יאָר, אין גאַנצן געראָטן אין דעם זיידן, זכרונו לברכה, נאָך ווען דו הייסט. ער איז געווען אַ גרויסער רב, און אויך דו וועסט מיטן אייבערשטנס הילף זיין אַ רב, יידן וועלן קומען צו דיר פרעגן שאלות און בעטן עצות.

זיבן קינדער האָט מיין באָבע געבוירן, אָבער מיין זיידע יוחנן האָט פון זיי נישט געהאַט קיין נחת. די עלטערע פיר זענען נישט געגאַנגען אין זיינע וועגן; דריי זענען שוין געווען חתונה־געהאַטע. דער עלטסטער זון, שלמה, איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון העמדער. דער צווייטער, מרדכי יוסף, מיין פאָטער, האָט געהאַט אַ זאָקן־פאַבריק. דער דריטער, חיים שמואל, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לאַנדווירטשאַפט און האָט חתונה געהאַט מיט אַ גוט־באַזיצערס אַ טאָכטער און איז געוואָרן אַ הענדלער פון בהמות, הינער, אייער און מילך. דער פערטער איז נאָך געווען אַ בחור. ער האָט כסדר זיך געעסקט מיט שלעסער און אייזן. ער איז געפאָרן קיין וואַרשע זיך לערנען זיין אַ מאַשיניסט. די צוויי יינגערע מיידלעך זענען געשטאַנען אין שידוכים. אָבער מיין זיידנס גרויסע האָפענונג איז געווען זיין מיזיניק אברהם בונעם. דאָס יינגל איז געגאַנגען אין זיינע דרכים. מיין זיידנס חלום איז געווען, אַז כאָטש איינער פון זיינע זין זאָל ווייטער ציען דעם פאָדעם פון דער גזע רבנים, פון וועלכע ער שטאַמט אַרויס. אַליין איז ער געווען דער עלטסטער גבאי ביי ר׳ יחזקאלע ראַדאָמסקער און איז טאָג ווי נאַכט געווען אין רבינס הויף. איז געקומען אַ יום־טוב, פלעגן זיך פון נאָענט און ווייט ציען חסידים צום רבינס הויף. יעדער חסיד האָט צום ערשטן געמוזט אָנקומען צו יוחנען גבאי, ער זאָל פאַר אים שרייבן אַ קוויטל.

די הויפּט־פּרנסה־געבערין איז געווען די באָבע. זי האָט געהאַנדלט מיט שניט־סחורה און פלעגט פאָרן אויף מערק. איין מאָל אַ וואָך, אין די דאָנערשטיקס, איז זי געשטאַנען מיט אַ בויד סחורה אין נאָוואָראַדאָמסק און די עלטערע קינדער פלעגן איר אַרויסהעלפן. אברהמעלען האָט זי געטריבן פון דער בויד, נישט געוואָלט מצער זיין דעם פאָטער. אַליין האָט זי אויך געוואָלט זוכה זיין צו האָבן אַ זון אַ רב. נאָר ווען זי האָט דערהערט, אַז דער זיידע וויל ס׳קינד אַוועקשיקן אין דער פרעמד, האָט זי

זיך שטיל צעווײנט. און מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ האָט זי געגרייט ס׳ייִנגל אין וועג אַרײַן.

מאָנטיק באַגינען, ס׳איז נאָך געווען פֿינצטער, איז די באָבע אויפֿגעשטאַנען, זי האָט אָנגעצונדן דאָס נאָפֿט־לעמפּל, אײַנגעהייצט דעם אויוון, געעפֿנט די לאָדנס, געבראַכט פֿריש געבעקס און געגרייט צום טיש.

קאַלט און גראָ האָט אויפֿגעוואַכט דער פֿרימאָרגן. אברהמעלע איז געשטאַנען בײַם פֿענצטער, געזען ווי עס פֿאַלן ווײַסע שנייעלעך און באַדעקן די ערד. האָט ער מיט פֿרייד אויסגערופֿן:

— זע, מאַמע, ס׳שנייט! ווען ס׳וועט אָנפֿאַלן אַ הויכער שניי, וועלן ייִנגלעך זיך קענען וואַרפֿן מיט שניי־קוילן. און אַז ס׳וועט ווערן אַ פֿראָסט, וועט דער באַברינער טײַך פֿאַרפֿרוירן ווערן. וועלן מיר, ייִנגלעך, זיך אָוועקלאָזן אויף דעם גליטש אין אַ געוועט, ווער עס וועט ווײַטער איבעריאָגן — האָט ער אַ צעפּלאָנטער גערעדט און זײַנע שוואַרצע אייגעלעך האָבן זיך צעפֿינקלט.

— שווײַג שוין בעסער, זאָלן דײַנע שונאים רעדן — האָט זיך די באָבע געבייזערט, — גליטשן גאָר! דאָס פּאַסט פֿאַר לאָבוסעס און שקצים, נישט פֿאַר אַ ייִד, וואָס וואַקסט אַ תּלמיד־חכם, וועט אם־ירצה־השם זײַן אַ רבֿ.

— איך וויל נישט זײַן קיין רבֿ, — האָט זיך אברהמעלע געבעטן. — איך וויל מיך גליטשן.

— ווײ מײַן וועלט —האָט די באָבע פֿאַרבראָכן די הענט — וואָס זענען דאָס פֿאַר אַ רייד? און איצט? ערבֿ דײַן אָפּפֿאָרן אין דער ישיבֿה? דײַן טאַטע קאָן נאָך חלילה דערהערן! — זי איז צוגעגאַנגען צום ייִנגל. אפֿשר זענען דײַנע ציצית פּסול? — זי האָט אים אַ טאַפּ געטאָן דעם שטערן, אויסגעלעקט די אויגן, געזאָגט עפּעס אַ שפּרוך און אויסגעשפּיגן דרײַ מאָל. דערנאָך האָט זי געהייסן אברהמעלען זיך זעצן צום טיש און אים דערלאַנגט אָנבײַסן.

דער זיידע יוחנן איז אַרײַנגעקומען פֿון אַ זײַטיקן חדר. ער איז געווען אָנגעטאָן אין דער יום־טובֿדיקער קאַפּאָטע, זײַן גרוי־שוואַרצע באָרד האָט

אַראָפּגעשיינט פון זיך בלייך, איידל פּנים. זיינע טיפע ברוינע אויגן האָבן זיך נחתדיק צעשמייכלט, ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— נו, אברהם בונעם, ביסט גרייט אין וועג אַריין?

ס׳יינגל האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ און געקוקט מיט בעטנדיקע אויגן צו זיין מאַמען. — גאָר אין קורצן וועל איך מיט דיר אַ שידוך טאָן, — האָט דער זיידע גערעדט צו אברהמעלען, ווי צו זיינס גלייכן. — דאָס מאָל וועל איך אויסקלייבן די כלה. דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, אַז די כלהס, וואָס די באָבע האָט אויסגעקליבן פאַר זיינע זין זענען אים נישט צו שטאַרק געפעלן...

צום הויז איז צוגעפאָרן אַ פור. די טיר האָט זיך ברייט געעפנט. אויפן שוועל איז געשטאַנען דער בעל־עגלה, איציקל קורנאָסע. דעם נאָמען „קור־נאָסע" האָט ער געקריגן, צוליב זיין פלאַטשיקער נאָז.

— גוט מאָרגן, ר׳ יוחנן — איר זייט גרייט? ס׳יינגל איז גרייט? דער וועג איז אַ ווייטער — האָט ער געטענהט. — ס׳איז אַ יאַזדע, וואָס וועט דויערן אפשר אַכט שעה, און מען מוז זיין וואַרעם אָנגעטאָן.

דער זיידע האָט אָנגעטאָן דעם פוטער מיטן פוקסענעם קאָלנער. אברהם בונעמען האָט די באָבע אָנגעטאָן זיין פעלצל און אַרומגעוויקלט זיין האַלדז און דאָס פּנים מיט אַ וואָלענעם שאַל, אים מיטגעגעבן פאַרשידענע פעקלעך מיט קליידער און פעקלעך מיט עסן. זי האָט אים אַרויסבאַגלייט פון הויז און אים געוואָלט אַ קוש טאָן און נישט געוואַגט. שוין אַ ישיבה־בחור, האָט זי געטראַכט, און ס׳פּאַסט נישט...

אברהמעלע האָט געוואָלט אויפשטייגן אויף דער פור, אָבער די קורצע פיסלעך זיינע האָבן אַפילו נישט געקענט דערלאַנגען ביז אַ העלפט פון די רעדער, האָט אים איציקל קורנאָסע געטאָן אַ כאַפּ אויף די גרויסע בערישע הענט, געגעבן אים אַ זעץ אויפן געזעס, ווי מען זעצט אַריין אַ קליין נפשל אין אַ קינדער־בענקעלע. אברהמעלע איז געזעסן מיט אַ פאַרבאַהאַלטענעם קאָפּ, מען האָט קוים אַרויסגעזען אַ פיצל פּנימל. ס׳מיילעכל איז געווען האַלב אָפן. מיין באָבען איז איינגעפאַלן, אַז פונקט אַזוי האָט ער אויס־געקוקט, ווען ער האָט ביי איר געזויגט די ברוסט צום זייגן. זי האָט מער נישט אויסגעהאַלטן און זיך צעשריגן אויף איר מאַן.

— געוואַלד געשריגן, ווי פֿאַרשלעפּסטו מיר דאָס קינד ערגעץ אין עק וועלט אַריין? מען קאָן דאָ אויך לערנען...

— גיי שוין גיי, יידענע, צו דיינע טעפּ און צו די פֿוילערישע קונים.

ער האָט געגעבן אַ צייכן צום פֿורמאַן, אַז ער זאָל זיך לאָזן אין וועג אַריין. יענער האָט געטאָן אַ קנאַק מיט דער בייטש און געגעבן אַ באַפֿעל:

— וויאָ, וויאָ, פֿערדעלעך!

די אויסגעדאַרטע סוסים האָבן אויפֿגעהויבן די פֿיס. פֿון די פּיסקעס האָט געזעצט אַ פּאַרע. די רעדער האָבן זיך צעסקריפּעט אונטער דעם פֿריש געפֿאַלענעם שניי. אברהמעלע האָט ווי אַ פֿייגעלע אַרויסגעפּישטשעט:

— זיי געזונט, מאַמע.

די באָבע האָט געוואָלט אַ כאַפּ טאָן איר יינגל, אָבער אין דער מינוט האָבן די פֿערד מיטן וואָגן זיך געטאָן אַ טראָג פֿאַרביי אירע אויגן און זי איז געבליבן שטיין מיט אויסגעשטרעקטע הענט.



קנאַפּע זיבן יאָר האָט אברהם בונעם געלערנט אין דער ישיבה. דורך דער צייט איז ער אַהיימגעקומען בלויז עטלעכע מאָל אויף די ימים־טובים. די גאַנצע משפּחה האָט אים גערופֿן: אברהמהלע צדיק. אַ טייל האָבן דעם נאָמען אַרויסגערעדט מיט גרויס דרך־ארץ, אַ טייל מיט אַ באַהאַלטענעם חוזק. זיבעצן יאָר איז דאָס יינגל אַלט געווען, ווען ער איז געקומען צוריק אַהיים, מיט סמיכות אויף רבנות. דעם זיידנס און באָבעס קינדער זענען אַלע געווען חתונה־געהאַטע. לכבוד דעם ישיבה־בחור האָט מען אין הויז געגרייט אַ סעודה. ביי אַ לאַנגן ווייס געדעקטן טיש זענען געזעסן די זין מיט די שניר, די טעכטער מיט זייערע מענער און קינדער. דער זיידע מיט זיין יינגסטן זון אויבנאָן.

אברהם בונעם איז דורך דער צייט אויסגעוואַקסן, ער איז געוואָרן הויך און דאַר. דער זיידע יוחנן האָט געעפֿנט דאָס ספֿר און אים פֿאַר־הערט. אברהמעלע האָט מיט אַ גמרא־ניגון פֿאַרטייטשט די פּשטלעך פֿון דער גמרא, דערביי האָט ער זיך פֿרום געשאָקלט און זיינע לאַנגע, שוואַרצע פּאות האָבן זיך געוויגט אַהין און צוריק. דער זיידע מיט דער באָבען האָבן

געשטראַלט פון נחת, און די משפחה האָט מיט גרויס דרך־ארץ באַוווּנדערט דעם גרויסן לערנער און צוקונפטיקן רב.

שדכנים האָבן ממש אָפּגעריסן די טירן, מען האָט דעם בחור געערעדט שידוכים מיט די שענסטע און רייכסטע טעכטער פון נאָענט און ווייט. אברהם בונעם האָט געלאָזט וויסן, אַז ער איז נאָך צו יונג חתונה צו האָבן, אַז ער וויל נאָך לערנען.

אין איינעם אַ טאָג איז אברהם בונעם אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז, ער איז מיט מיין פאָטער אַריין אין קאַנטאָר און דאָרטן האָט ער אים מודה געווען, אַז ער וויל נישט זיין קיין רב. ער וויל גאָר, אַז דער ברודער זיינער זאָל אים געבן אַ שטעלע.

— ביסט משוגע! צי חסר־דעה? וואָס הייסט, איך זאָל דיר געבן אַ שטעלע? צו דעם האָסטו געדאַרפט קריגן סמיכות אויף רבנות? ווילסט פאַרשאַפן צער און בזיונות טאַטע־מאַמע און איך זאָל דיר נאָך העלפן?

— וועל איך אַוועקפאָרן קיין וואַרשע און דאָרטן ווערן אַ בוכהאַלטער.

— וואָס ווייסטו וועגן בוכהאַלטעריע? — האָט מיין פאָטער אַ פאַר־ווונדערטער אים געפרעגט.

— איך האָב מיך דאָס אויסגעלערנט, ווען איך בין געווען אין דער ישיבה און געגעסן טעג ביי אַ בוכהאַלטער. אַ טייערער לערער געווען, איך האָב פון אים אַ סך געלערנט.

מיין פאָטער האָט נישט געגלייבט זיינע אויערן. ער האָט אַ כאַפּ־געטאָן אַ בוך וווּ עס זענען געווען פאַרשריבן חשבונות און געזאָגט:

— נו, ווייז וואָס דו קאָנסט. קענסטו אפשר געפינען ערגעץ אַ טעות! — האָט ער מיט אַ באַהאַלטענעם חוזק געזאָגט — אייל זיך נישט... נאַ, אָט איז נאָך אַ בוך. — ער איז אַרויס און געלאָזט זיין ברודער מיט אַ פּעקל ביכער.

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער איז ער צוריקגעקומען, אָנגעטאָן אַ פּאַלטן מיט אַ שטעקעלע אין האַנט. ער האָט זיך געאיילט ערגעץ אַוועקצוגיין.

— נו, — האָט ער געפרעגט, און דערביי געדרייט דאָס זילבערנע הענטל פון שטעקן. — האָסט עפּעס געפונען טעותים?

— איבער גענוג! מרדכי יוסף, דיינע ביכער זענען נישט אין אָרדע־

נונג, נאַ, אָט זע! — און ער האָט אים דערביי דערלאַנגט אַ לאַנגן צעטל פּעלערן, מיט רעכענונגען, וואָס האָבן נישט געשטימט. מיין טאַטע האָט אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן, אויפגעקנעפּלט דעם פּאַלטן, געקוקט אין צעטל אריין, זיין הויכער שטערן האָט זיך געקנייטשט. ער האָט דערביי געגלעט די שוואַרצע באָרד און אונטערגעברומט עפּעס אַ גמרא־ניגון. נאָך אַ ווײַלע איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, זיינע שוואַרצע קלוגע אויגן האָבן גע־קוקט מיט שטוינונג.

ער האָט זיין בוכהאַלטעריע געפירט אַליין מיט דער הילף פון עפּעס אַ סטודענטל און שוין לאַנג געהאַט בדעה אַראָפּצוברענגען אַן אמתן בוכ־האַלטער פון אַ גרויסער שטאָט. ער האָט נאָך אַ מאָל באַטראַכט זיין ברור־דער דעם עלוי, מיט די לאַנגע פּאות. ער איז געווען פול מיט חידוש און ענדלעך האָט ער שטיל געזאָגט:

— אַזוי, אַזוי איז די מעשה... איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך וואָלט דיך נייטיק געדאַרפט האָבן, אָבער טאַקע ווייל דו ביסט מיין ברודער, קאָן איך נישט.

— וועל איך פאָרן קיין וואַרשע — האָט דער ישיבה־בחור פעסט גע־זאָגט. — און דאָרט ווערן אַ בוכהאַלטער.

— אין דעם הולך ווילסטו פאָרן קיין וואַרשע, ווערן אַ בוכהאַלטער?

— איך וועל אויף זיך דעם הולך לאַנג נישט טראָגן.

די צוויי ברידער האָבן זיך שטום אָנגעקוקט.

אברהמעלע איז אַ ברוגזער געגאַנגען אַהיים.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אין שטעטל צעטראָגן די נייס, אַז אברהמעלע צדיק האָט אָפּגעשוירן פּאות און אָנגעטאָן אַ גומענעם קאָלנער מיט אַ שניפּס.

אין הויז איז געווען חושך. דער זיידע איז פון גרויס עגמת־נפש קראַנק געוואָרן. די באָבע האָט כסדר געוויינט, אָבער אברהם בונעם האָט זיך געהאַלטן פעסט און געטענהט, אַז אויב זיין ברודער נעמט אים נישט אַריין אַלס בוכהאַלטער, פאַרלאָזט ער אין גאַנצן נאָוואָראַדאָמסק און פאָרט אין אַ גרויסער שטאָט אַריין.

אין איינעם אַ טאָג איז די באָבע געקומען צו לויפן און געפּאָדערט,

## שטאָט און שטעטל

אַז מיין פאָטער זאָל תיכף אַריינגעמען אברהם בונעמען צו זיך אין געשעפט, איר טענה איז געווען, אַז זי וועט נישט אַוועקלאָזן אַזאַ יונג בחורל אין אַ גרויסער זינדיקער שטאָט. גאָט דער איינציקער ווייסט, וואָס פון אים קאָן נאָך דאָרטן חלילה ווערן. אַזוי, וועט ער זיין לעבן טאַטע־מאַמע און זי וועט שוין אויף אים אַכטונג געבן, און נאָך אַלעמען, האָט זי פרום געזאָגט, איז ער נאָך אַ יונג קינד, און אַז דאָס משוגעת וועט איבערגיין, וועט ער אַליין איינזען זיין טעות און וועט נאָך, אם־ירצה־השם, פאַרשאַפן טאַטע־מאַמע אַ סך נחת און וועט התונה האָבן און טאַקע ווערן אַ רב אויך.

האָט מיין פאָטער אַריינגענומען זיין ברודער צו זיך אין געשעפט. עס האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ גרויסער בקי אין בוכהאַלטעריע און באַנעמט אויך אויסגעצייכנט געשעפטלעכע ענינים. ער האָט גלייך איינגעפירט אַ נייע סיסטעם אין די ביכער. ער האָט מיט ברען און מוח געאַרבעט טאָג און נאַכט. דערצו האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ גוטער איינקויפער און פאַרקויפער.

אין משך פון אַ יאָר צייט איז אברהם בונעם געוואָרן מיין פאָטערס רעכטע האַנט. און אָפט, אַז מיין טאַטע איז געווען צו פיל פאַרנומען און מען האָט געדאַרפט דערליידיקן אַ וויכטיק געשעפט אין לאָדזש, וואַרשע אָדער טשענסטאָכאָוו, פלעגט ער דעמאָלט שיקן זיין יינגערן ברודער און דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן.

אין זיין פרייער צייט האָט אברהם בונעם געלייענט ביכער פון דער וועלט-ליטעראַטור, אויך יידישע ביכער און צייטונגען. איין מאָל האָט מיין פאָטער ביי אים געפונען אַ בוך פון קאַרל מאַרקס.

מיין טאַטנס געשעפטן האָבן אַ דאַנק זיין ברודער זיך אַ סך פאַרבעסערט. די זאַקן־פאַבריק איז פאַרגרעסערט געוואָרן, נייע מאַשינען זענען געקויפט געוואָרן. איין זאַך האָט דער באַלעבאָס נישט געקאָנט פאַרשטיין: וואָס אַ סך פון די אָנגעשטעלטע, פראָסטע אַרבעטער, זענען עפּעס געוואָרן חוצפּהדיקער, זיך גענומען בונטעווען און רעדן געפערלעכע רייד וועגן דעם, אַז זיי אַרבעטן צו לאַנגע שטונדן און קריגן ווייניק געצאָלט. עס האָבן זיך אַפילו צו אים דערטראָגן קלאַנגען, אַז אונטער זיינע פּלייצעס רופט מען אים: בלוט־זויגער און בורזשוי.

מיין פֿאָטער איז געוווּינט געווען, אַז ביי זיך אין פֿאַבריק איז ער קייסער. ווי נאָר ער פֿלעגט זיך באַווייזן, איז געוואָרן אַ טויטע שטילקייט, מען האָט נאָר געהערט דאָס רוישן און זשומען פֿון די מאַשינען. און האָט ער זיך צעשריגן אויף אַ געזעל, אַז יענער מאַכט נישט גוט די זאַקן, האָט ער אַלע מאָל געקראָגן דעם אונטערטעניקן ענטפֿער: — יאָ, יאָ באַלעבאָס, יאָ, מייסטער. איך וועל מיך שוין סטאַרען עס זאָל זיין בעסער.

מאַטעלע זנאַכער, וואָס האָט אויסגעקערט די פֿאַבריק און אָפּגעטראָגן פּעקלעך, האָט געלאָזט וויסן זיין מייסטער, ווער עס בונטעוועט זיך... האָט מיין פֿאָטער שוין געהאַט אַ לאַנגן צעטל פֿון די בונטאָווששטשיקעס, וועלכע ער האָט באַשלאָסן אָפּצושאַפֿן. און אַז ער פֿלעגט זיך באַקלאָגן פֿאַרן ברו־דער, האָט יענער אַלע מאָל געהאַט איין ענטפֿער:

— אָ, וואָס גייט דיך אָן זייערע פֿלאַפּלערייען? ווערסט חלילה אָרע־מער? אדרבה, דו ווערסט רייכער, די ביכער ווייזן!

די צייט איז געגאַנגען דעם אייביקן וועג. דער זיידע יוחנן האָט שוין לאַנג פֿאַרלוירן זיין בטחון, אַז ער וועט נאָך דערלעבן דעם נחת צו זען זיין זון אַ רב. דורך דער צייט האָט ער זיך שטאַרק געעלטערט. ער איז עפּעס נידעריקער און איינגעשרומפּענער געוואָרן, גרוי ווי אַ טויב. און ווען ער פֿלעגט ביינאַכט אויפֿשטיין אָפּריכטן חצות און זיך וויגן איבער דער אָפּגע־נער גמרא, האָט זיין טיפֿער צער אַרויסגעוויינט פֿון זיין קול, וואָס איז פֿאַרגאַנגען אין אַ שטילן יאָמער און זיך אָפּגעשלאָגן איבער די שאָטנדיקע ווענט.

די באָבע חיה נעכעלע, דאַקעגן, איז נאָך אַלץ געווען פֿול מיט בטחון, אַז ווען איר מיזיניק וועט אַ חתן ווערן און חתונה האָבן און וועט אַ דור אויף דער וועלט ברענגען, וועט ער אוודאי וועלן, אַז זיינע קינדער זאָלן האָבן אַ טאַטן אַ רב.

אין איינעם אַ שבת האָט מיך מיין מאַמע געשיקט מיט אַ טאָרט און אַ לאָקשענעם קוגל צו שבע ברכות, צו עפּעס אַ ווייטער קרובה, וואָס האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער. פֿאַרן „וועג" בין איך באַלוינט געוואָרן מיט קאַרמעלקעס און טשאָקאָלאַדע. אַהיים בין איך געגאַנגען מיטן הינטערשטן וועג, וואָס מען האָט גערופֿן פּאַביאַנס געסל. פֿון ביידע זייטן האָט זיך גע־

צויגן אַ לאַנגע אַלייע מיט קאַשטאַן־ביימער. די זון האָט געגאָסן מיט גע־דיכטן גאָלד. די פייגעלעך האָבן געזונגען און איך האָב מיט גרויס הנאה געגנאַשט די טשאָקאָלאַדעס און געגעסן די קאַרמעלקעס. דערביי בין איך מיר אונטערגעשפּרונגען פון איין פוס אויפן צווייטן. מיט אַ מאָל האָב איך זיך מישב געווען און זיך פאַרנומען ווייטער פון הויז צו די געדיכטע סעדער, וואָס האָבן זיך געצויגן ווייט פון שטאָט.

ווען איך בין מיד געוואָרן פון שפּרינגען, האָב איך גענומען גיין מיט פּאַמעלעכע טריט און שטיין געבליבן לעבן וולאַדעק קאָוואַלסקיס צוקערניע. באַלד דערנעבן איז אויך געווען אַ ביליאַרד־זאַל. איך האָב אַריינגעקוקט דורכן פענצטער, און וואָס איך האָב דאָרטן דערזען, האָט מיך אַזוי צע־טומלט, אַז עס האָט ביי מיר אַפּגענומען ס׳לשון. איך האָב געוואָלט שרייען און נישט געקענט.

מיין פעטער אברהם בונעם, אָן אַ היטל, איז געווען איבערגעבויגן איבער אַ גרויסן גרינעם טיש. ער האָט מיט אַ לאַנגן שטעקן געצילט אויף ווייסע פּילקעס, וואָס זענען אונטער זיין קלאַפּ זיך צעלאָפן אין אַ ווינקל אַריין צום לאָך; אַ צווייטער האָט איבערגענומען די שפּיל און אברהמעלע האָט עפּעס פאַרשריבן מיט קרייד אויף אַ שוואַרצער טאַבליצע. איך האָב אַ דערשראָקענע גענומען קלאַפּן אין פענצטער. ער האָט מיך דערזען און גלייך אַרויסגעקומען:

— שרהלע, וואָס טוסטו דאָ?

ער האָט אויסגעקוקט בלייך און זיין אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט. ער האָט אָנגענומען מיין האַנט און פעסט געזאָגט:

— דאָס וואָס דו האָסט געזען, טאָר קיינער קיין מאָל נישט וויסן. איך וויל נישט אָנטאָן נאָך מער צער טאַטע־מאַמע... איך האָב אים צו־געזאָגט צו האַלטן סוד און בין אַ באַטריבטע געגאַנגען אַהיים.

עפּעס האָט זיך געררודערט אין מיין פאָטערס פאַבריק. אויבנאויף האָט אַלץ אויסגעזען שטיל און רויִק. ס׳איז אָבער געווען אַ שטילקייט ערב אַ שטורעם. מאָטקעלע זנאַכער האָט געבראַכט פאַרנעפּלטע שטאַפּעטן: די געזעלן בונטעווען זיך, רעדן וועגן אַ סטרייק. מען וועט קומען מיט פאָר־דערונגען. אָבער גענוי ווער וואָס און ווען האָט ער נישט געוווּסט. ער האָט

אויך מודה געווען, אַז די אַרבעטער היטן זיך פאַר אים און רופן אים מיט אַזעלכע צונעמען, ווי מאַטעלע אונטערלעקער, אַזעף, פּראָוואָקאַטאָר.

אין איינעם אַ טאָג איז אין דער פאַבריק אַריינגעקומען אַ יונגער־מאַן און געזאָגט, אַז ער וויל זען דעם באַלעבאָס. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ טונקל־בלויע רובאַשקע, אַרומגעוויקלט ביי די לענדן מיט אַ שוואַרצן שנור, אָן אַ היטל, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע, קוטשעראַווע האָר און גרויע שטאָלענע אויגן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ שייגעץ. ער האָט אָבער גע־רעדט אין אַ גוטן יידיש, געלאָזט וויסן מיין פאָטער, אַז ער איז געשיקט געוואָרן פון לאָדזש פון דער פאַרטיי אָרגאַניזירן די שקלאַפן־פאַבריק און אַז די אַרבעטער וועלן מער נישט אַרבעטן פון זעקס אין דער פרי ביז עלף ביינאַכט. ער האָט דערביי דערלאַנגט אַ לאַנג ווייס פּאַפּיר, ווו עס זענען געווען אויסגעשטעלט אַלע נייע פאָדערונגען.

מיין פאָטער האָט שנעל דורכגעקוקט דאָס צעטל און זיך הויך צעלאַכט: אַזוי... אַזוי... פון אַכט ביז אַכט... העכערונג אין שכירות, נישט אָפּשאַפן אַ געזעלן אין מיטן זמן... דאָס אַלץ? — האָט ער אַ פרעג־געטאָן מיט חוזק, — און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט ער גלייך צוגעגעבן?

און וואָס וועט איר מיר טאָן, אַז איך וועל גאָרנישט נאָכגעבן?

— וועט זיין אַ סטרייק!

— איר מעגט סטרייקן אפילו מאָרגן! אַפילו די מינוט! ביי מיר בין איך דער באַלעבאָס און קיינער קען מיר נישט זאָגן קיין דעות, ווי אַזוי צו פירן מיין פאַבריק.

— מיר וועלן אייך געבן דריי טעג צייט, פּאַניע האַמער, רעכנט אייך איבער, איך שטיי איין אין מאשקעס אכסניה. אפשר וועלן מיר זיך קאָנען אויסגלייכן.

— קיין שום אויסגלייכן!

מיט דריי טעג שפּעטער איז דערקלערט געוואָרן אַ סטרייק. אונדזער וווינונג איז געווען אין שכנות מיט דער פאַבריק. ס'איז געווען אויסטער־ליש נישט צו הערן דאָס גערויש פון די מאַשינען און נישט דאָס געזאַנג פון די געזעלן. אין מיטן וואָך האָט אַן אומהיימלעכע „יום־טובדיקייט" זיך געשפּרייט איבערן הויז און אָנגעוואָרפן אַ מורא. די מאַמע האָט געהאַלטן

אין איין פרעגן: וואָס וועט זיין? מיין פאָטער האָט געצאָרנט און געוועזן אַנטשלאָסן גאָרנישט נאָכצוגעבן. אָבער זיין צאָרן האָט זיך ערשט צעשפּילט, ווען ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז דער הויפּט־אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָר פון סטרייק איז גאָר זיין אייגענער ברודער, אברהם בונעם. ער איז פון גרויס פאַרצווייפלונג אַוועקגעלאָפן צום זיידן מיט אַ געוואַלד, אַז דער מיזיניקל זיינער וועט אים בדיל הדל שטעלן און וועט אים נאָך טרייבן צו באַנקראָט.

— איצט ביסטו זיך געקומען באַקלאָגן? פאַר וואָס האָסטו ביי מיר נישט געפרעגט קיין עצה איידער דו האָסט אים אריינגענומען צו זיך אין געשעפט?! אַ ייד וואָס וואַרפט אַוועק גאָטס הייליקע תורה, טאָר מען אין קיין יידיש הויז נישט אַריינלאָזן, פון אַזאַ איינעם קאָן מען שוין אַלץ דערוואַרטן. אָט, נאַ און זע!

ער איז צוגעגאַנגען צו דער קאָמאָדע און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ תפילין־זעקל: שוין דריי טעג ווי איך האָב באַהאַלטן זיינע תפילין און מיינסטו אפשר, אַז ער האָט זיך געפרעגט אויף זיי? ניין! אָבער ביי זיין מאַמען איז ער נאָך אַלץ אַ ווויל קינד און אַ טייערער ייד.

מיין פאָטער האָט געפּרוּווט אָנשטעלן סטרייק־ברעכער. ער האָט אָבער שנעל איינגעזען, אַז מיט קיין נישט־בעל־מלאכהס קאָן מען קיין פאַבריקן נישט פירן, און נאָך זיבן וואָכן פון שווערן קאַמף האָט ער אַ סך נאָכגעגעבן און שלום איז געשלאָסן געוואָרן.

אָבער אויף איין פונקט איז ער געבליבן איינגעשפּאַרט, אַז זיין ברודער נעמט ער נישט צוריק און אַז יענער טאָר מער זיין שוועל נישט באַטרעטן. דאָס האָט מען אים נאָכגעגעבן.

און ווידער האָבן זיך די רעדער געדרייט, די מאַשינען האָבן גערוישט און פריילעכער ווי אַלע מאָל האָט זיך צעטראָגן דאָס געזאַנג פון די אַרבעטער. מיין טאַטע האָט אָנגעשטעלט אַ נייעם בוכהאַלטער. ביי אונדז אין הויז האָט מען נישט געטאָרט דערמאָנען דעם נאָמען אברהם בונעם. מיין פאָטער פלעגט זאָגן, אַז ער האָט מער נישט קיין ברודער מיט אַזאַ נאָמען...

און אברהמעלע האָט זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַס און געשלאָפן

ביז אין שפּעטן טאָג אַריין, און ווען די באָבע פּלעגט אים וועקן, האָט זיך דער זיידע צעשריגן:

— וואָס וועקסטו אים? זאָל ער שלאָפן. ווען אַ רשע שלאָפט, טוט ער נישט קיין עבירות.

אין שטעטל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אברהמעלע צדיק שפּילט אַ ליבע מיט ישעיהלע דעם שוסטערס טאָכטער, זלאַטקע. ישעיהלע איז אַפילו נישט געווען קיין ריכטיקער שוסטער, נאָר אַן אָרעמער לאַטוטניק, און האָט געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער. זיין עלטסטע טאָכטער, זלאַטקע, איז געווען זייער אַ שיינע, אָבער זייער אַן אומוויסנדע. האָט מען דער־ציילט, אַז מיין פּעטער לערנט איר לייענען און שרייבן.

דערווייל האָט זיך אָנגערוקט די צייט, ווען אברהם בונעם האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו און די באָבע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַר־זאָרגטע. האָט דאָך איר דער זיידע בפירוש געזאָגט, אַז דעם יונג וועט ער פון גוייִשע הענט נישט אויסלייזן. ער וועט נישט זוכן קיין שום פּראָטעקציע, ווי ער האָט דאָס געטאָן פאַר זיינע עלטערע זין, וועלכע זענען אַלע באַ־פרייט געוואָרן פון דינסט. זאָל דער פּושע ישראל, דער אחדות־יונג, דינען פאַניען. אַ גוי צו גויים.

עס האָט נישט געהאָלפן דער באָבעס וויינען און קלאָגן. דער זיידע איז געווען פאַרביטערט און געבליבן איינגעשפּאַרט. איז זי דעמאָלט גע־לאָפן צו מיין פאָטער און געבעטן רחמים, ער זאָל עפּעס טאָן. גיין צו נאַ־טשאַלסטוואָ, אונטערקויפן, פאַרהאַנדלען, געלט געבן... אויך דאָ האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אייזערנער וואַנט. זי האָט פון אים געקריגן דעם אייגענעם ענטפער, ווי פון איר מאַן: זאָל ער דינען, אפשר וועט אים פאָניע אויסלערנען אַ ביסל דרך־ארץ.

די באָבע האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס איר מיזיניקל איז געווען אַ בלאָסער, אַ דינער און אַזאַ איינעם מאַכט מען נישט פאַר קיין סאָלדאַט! פון דעסטוועגן איז זי נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זי האָט געגעבן צדקה, געפאַסט תעניתים, געגאַנגען אויפן בית־עולם, אַריינגעוויינט אין די קברים פון די הייליקע צדיקים און כסדר געוואָרפן געלט אין דער צדקה־פּושקע פון ר׳ מאיר בעל הנס פאַר איר קינדס באַפרייונג.

אין טאָג פונעם פּריזיוו איז זי אַוועק אין דער „פּריסוטסטוויע" און איז מיט אַ סך אַנדערע מאַמעס געשטאַנען אין פאָדערהויז און געוואַרט אויפן פּסק-דין פון איר זון. ווען פון דער פּריסוטסטוויע האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „ניע גאָדיען", האָט אויסגעבראָכן אַ פרייד, אָבער ביי יעדן אויסרוף „גאָדיען", האָט אַ יידענע זיך הויך צעוויינט, אָדער גאָר אַוועקגעחלשט, און מאַטל צביה די „זאָגערין" איז געשטאַנען גרייט צו מינטערן מיט די חלשות־טראָפּנס. מיין באָבע האָט דערהערט ווי מען רופט אויס דעם נאָמען פון איר זון און באַלד האָט אַ פּעסט, באַסאָווע קול אויסגעדונערט „גאָדיען" (צוגענומען). זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, פאַרמאַכט די אויגן און געחלשט. האָט מאַטל צביה צוגעשטעלט צו איר נאָז די חלשות־טראָפּנס. די באָבע חיה דאָבעלע האָט געעפנט די אויגן און זיך הויך מוראדיק צעוויינט.

מיט אַ וואָך שפּעטער איז אַברהם בונעם אָפּגעשיקט געוואָרן מיט אַ טראַנספּאָרט רעקרוטן אין טיף רוסלאַנד.

טעג און וואָכן האָט די באָבע אויסגעקוקט אירע אויגן אויף אַ בריוו פון איר זון, און ווען זי האָט ענדלעך דערהאַלטן אַ כתב האָט זי זיך זייער דערפרייט, איבערגעלייענט און האָט זיך שטיל צעוויינט. ער האָט געשריבן, אַז ער שטייט אויף זעקס באַגינען, גייט אויף מאַנעווערס, קריכט אויף בערג, און זעט אַ וועלט, נאָר דאָס עסן איז נישט גוט... עס האָט זיך דער באָבען אויסגעוויזן ווי אַ וועלט מיט גויִם האָבן זיך פאַרלייגט אויף איר קינד און ווילן אים פאַרטיליקן.

איין מאָל איז אָנגעקומען אַ בריוו פון אברהם בונעמען צו מיין פאָטער, ער האָט געלאָזט וויסן, אַז ער איז אַריין אין דער קאַוואַלעריע, אַז ער רייט אויף אַ פערד. מיין טאַטע האָט געטאָן אַ וואָרף אַוועק דעם בריוו און אויסגערופן:

— אברהמעלע ליגנער! אויף אַ פערד רייט ער! ער מוז דאָרט ליגן טיף אין דער ערד... קיין נחת וועט שוין פאָניע פון אים נישט האָבן — האָט ער נביאות געזאָגט. — הע־הע, אברהמעלע וועט נאָך דאָרטן מאַכן אַן אויפשטאַנד און פוילן אין סיביר... מיין פאָטער האָט אויפן בריוו נישט געענטפערט. אָבער אברהם בונעמס בריוו זענען געקומען אָפּט, און דווקא צו זיין ברוגזן ברודער און אַלע מאָל מיט עפּעס אַן אַנדערע נייס. ער איז

אַריין אין דער מוזיקאַנטסקע קאַמאַנדע און שפּילט אויף אַ פליוט. ער צייכנט זיך אויס אין שיסן און ווי צו באַשטעטיקן, אַז דאָס וואָס ער שרייבט איז אמת, איז אין איינעם אַ בריוו אַנגעקומען אַ פאָטאָגראַפיע ווי ער רייט אויף אַ פערד, דאָס סאָלדאַטסקע היטעלע פאַררוקט איך אַ זייט און אין אַ מיליטערישן מונדיר. אין מיין פאָטערס אויגן האָט ער אויסגעקוקט ווי עפּעס אַ גענעראַל. מיין טאַטע האָט באַטראַכט די פאָטאָגראַפיע. די אויגן האָבן ביי אים אַ לאַך געטאָן, ווען ער האָט געזאָגט:

זע נאַר, זע, וואָס דער יונג קאָן אַלץ? רייטן אויף אַ פערד, שפּילן אַ טראָמפּייטער, שיסן... זיין טאָן איז געווען אַ מילדער, ס'האָט זיך גע־הערט אַ באַהאַלטענע פאַרערונג. מיין פעטערס בריוו זענען געקומען רעגל־מעסיק און זיינען געווען פול מיט הומאָר און שילדערונגען פונעם זעל־נערישן לעבן. און אַלע מאָל מיט נייעסן. די משפּחה האָט מיט גרויס אומגע־דולד געוואַרט אויף שבת צו נאַכטס נאָך דער מלווה מלכה, ווען מיין פאָ־טער פלעגט פאַרלייענען די בריוו. אברהם בונעם האָט געשריבן, אַז ער איז געוואָרן אַ דענשטשיק ביים פעלדפעבל און גענוי געשילדערט ווי יענער קוקט אויס, פּונקט ווי אונדזער סטרוזש, מאַרעק סקאָצקי, דער שיכור מיט דער רויטער נאָז. אויך וועגן יענעמס פּירעכצן... און אַז ער איז קלוג, ווי אין אונדזער שטעטל בערעלע נאַר.

די צייט איז געלאָפן און נאָך דריי יאָר דינסט איז אברהם בונעם אַהיימגעקומען אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט. דער זיידע יוחנן איז געווען אַ חולה מסוכן. ער איז כמעט אַלע מאָל געלעגן צו בעט. דאָס טישל לעבן אים איז געווען אָנגעשטעלט מיט שמירעכצן און רפואות. ער האָט מיט אַ ווינקל פון אויג באַטראַכט דעם זעלנער און עס איז אים געווען שווער צו גלייבן, אַז דאָס איז זיין זון, דער אַמאָליקער ישיבה־בחור. עפּעס אַ פרעמ־דער גוי האָט זיך אַריינגעריסן אין זיין מקום מנוחה, מאַכט אַלץ טריפה.

דער זיידע האָט מיט זיינע לעצטע כוחות זיך צעשריגן, אַז די באָבע זאָל אַרויסוואַרפן דעם רשע, דעם גוי פון זיין הויז.

אברהם בונעם האָט זיך לאַנג נישט אַרומגעדרייט ליידיק, מיין פאָטער האָט געזען אַז זיין ברודער איז געוואָרן אַ סטאַטעטשנער מענטש, האָט ער אים ווידער אַריינגענומען צו זיך אין געשעפט, אָבער דאָס מאָל נישט אַלס

בוכהאַלטער, נאָר אַלס איינקויפער און פאַרקויפער. ער פלעגט פאָרן קיין לאָדזש און וואַרשע און איינקויפן פאַרשידענע באַוולען, וואָל און מאַשינען און אין איין צייט אָנגענומען באַשטעלונגען אויף סחורה. זייענדיק אין דינסט, האָט ער זיך אויסגעלערנט רעדן און שרייבן רוסיש און פויליש, וואָס איז אים שטאַרק צו נוץ געקומען אין האַנדל.

מיין פאָטער איז געווען שטאַרק צופרידן מיט דעם צוריקקער פון זיין ברודער. די געשעפטן זענען אַוועק גוט.

מיט אַ מאָל האָבן די נאָוואָראַדאָמסקער שניידער־געזעלן, שוסטערס, קאַמאַשן־מאַכערס און בעקער־יונגען זיך גענומען שטאַרק בונטעווען. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יעדן שבת נאָכן טשאָלנט טרעפן זיך די אַרבעטער הינטערן שטאָט, אינעם סאָסנאָוון וואַלד, און אַז אברהמעלע צדיק האַלט דאָרט פייערדיקע רעדעס און רופט די אַרבעטער צו אַ סטרייק. מען זינגט דאָרט אויך רעוואָלוציאָנערע לידער און אַז די אָנפירערין פון געזאַנג איז זלאַטקע דעם שוסטערס טאָכטער.

איין מאָל, אין אַ דאָנערשטיק אוונט, פונקט ווען מיין באָבע האָט פאַר־קנעטן טייג פאַר חלות און צוגעגרייט דעם שבת אין הויז, זענען אַריינגע־קומען צוויי סטראַזשניקעס און געמאַכט אַ רעוויזיע. זיי האָבן געזאָגט, אַז זייער זינדל אברהם פאַרשפּרייט געפערלעכע פּראָקלאַמאַציעס און אַז ער וויל אַרונטערוואַרפן דעם צאַר־באַטיושקאַ.

דער זיידע איז געלעגן אין בעט מיט אַ געל פאַרמעטן פּנים, ער האָט ווי דורך אַ נעפּל געהערט ווי די פּאָליציי רעדט, פרעגט, זוכט עפּעס. ער האָט געקוקט אויף זיי דורך פאַרגלייזטע אויגן. די באָבע האָט אויף אַלץ גע־ענטפערט, געלאָזט זיי זוכן און נישטערן אין יעדן ווינקל.

ווען זיי זענען אַוועק און גאָרנישט געפונען, האָט זי אויסגעבייטלט אַלע בייזע חלומות צו זייערע קעפּ פאַר אָנזעצן זיך אויף איר בן־יחיד, וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט דעם צאַר.

ווען מיין פאָטער האָט דערהערט פון דער רעוויזיע און פון די געפער־לעכע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך פאַרשפּרייט אין שטאָט, האָט ער אַריינגע־רופן זיין ברודער אין אַ באַזונדערן חדר און געפאָדערט אַ דערקלערונג. אברהם בונעם האָט אַלץ געלייקנט און באַרויקט זיין עלטערן ברודער דער־

מיט, וואָס ער האָט אים געזאָגט, אַז ער וויל גאָר מיט אים צוזאַמען אויס־אַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל באַרייזן אַ צאָל שטעט און פאַרקויפן די נייע סאָרטן זאַכן, וואָס זענען פאַבריצירט געוואָרן אין דער פאַבריק. האָבן זיי ביידע אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אין וועלכע שטעט ער דאַרף אָפּ־שטייגן און די רייזע איז צוגעגרייט געוואָרן.

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט זיך אברהם בונעם געלאָזט אין וועג אַריין. אין פאָרויס זענען אָפּגעשיקט געוואָרן שווערע קאַסטנס מיט כלערליי זאַכן, וועלכע ער האָט געדאַרפט פאַרקויפן. אויפן וועג צוריק האָט אברהמעלע געזאָלט איינקויפן פאַרשידענע באַוולענע און וואָלן. די רייזע האָט געזאָלט דויערן אַרום צוויי וואָכן.

די צייט פון זיין צוריקקער איז שוין לאַנג געווען פאַריבער. פון אברהמעלען האָט מען גאָרנישט געהערט. מיין פאָטער איז געוואָרן אומרויִק.

און פּלוצלונג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז זלאַטקע שעיהלעס, דעם שוסטערס טאָכטער, איז אַוועק קיין אַמעריקע מיט אברהמעלע צדיק, ר׳ יוחנן גבאיס זון...

מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז צו דער באָבען אָנגעקומען אַ קלייך פּעקעלע פון איר זון. דאָס איז געווען אַ „זאַגראַניטשנער״ זיידענער שאַל מיט אַ צושריפט פון אַ פּאָר ווערטער, אַז זי זאָל זיך בישט זאָרגן, ער איז געזונט און אַז זי וועט פון אים הערן. מיט אַ צייט שפּעטער איז אָנגעקומען אַ בריוו פון אברהם בונעמען פון ניו־יאָרק צו זיין ברודער. ער לאָזט אים וויסן, אַז ער האָט געמוזט אַוועק, ווייל פּאָליציי האָט אים געזוכט פאַר פּאָליטישע טעטיקייטן. עס האָט אים געדראָט פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר אויף אייביקע קאַטאָרגע. עס טוט אים לייד וואָס ער האָט אים פאַר־שאַפט עגמת נפש און זיך באַגוצט מיט זיין געלט פון די פאַרקויפטע סחורה. ער פאַרזיכערט אים, אַז ער וועט צוריקשיקן ביז אַ גראָשן. ער פילט זיך גליקלעך, וואָס ער איז אַוועק פון דעם פינצטערן לאַנד און געפינט זיך אין דער פרייער אַמעריקע. ער וועט זיך דאָ איינאָרדענען און פירן געשעפטן. זיין גרויסער חלום איז אַריבערצוברענגען אַלע זיינע ברידער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס. אגב, האָט ער אויך געלאָזט וויסן,

## שטאָט און שטעטל

אַז עס קומט אים אַ מזל־טוב. ער האָט אויפן וועג חתונה געהאַט מיט זלאַטקען.

ס׳שטעטל האָט געקאָכט מיט דער פּאַסירונג און ווי אַלע מאָל נאָך עפּעס אַ געשעעניש, איז פאַרפאַסט געוואָרן אַ ליד, וואָס איז געזונגען געוואָרן פון די שניידערס, שוסטער־געזעלן, בעקער־יונגען און דינסט־מיידלעך. פון אָפענע פענצטער האָט זיך איבערן שטעטל צעטראָגן דאָס ליד:

וויַ איבעראַשט איז די וועלט געוואָרן
פון אברהמעלע צדיק, דעם גבאיס זון.
צוגענומען ביים ברודער אַן אפּותיקי געלט,
נאָך אַמעריקע געפאָרן אַהין.

אברהמל דער קעמפער געוואָרן איז אַ העלד,
מיט זלאַטקע דעם שוסטערס טאָכטער,
אַוועק איז ער אין עק וועלט.
אוי, אַ בראָך האָט זיי אַלע געטראָפן,
געלאָפן זענען אַלע קוקן אויף בייז וווּנדער,
געשיקט האָט דאָס צדיקל אַ פאָטאָגראַפיע
אָן אַ באָרד און מיט אַ צילינדער . . .

# דער בידניצער דיבוק

וואָס נעענטער עס האָבן זיך אָנגערוקט די ימים־נוראים, אַלץ מער האָט ביי אונדז אין שטעטל געקאָכט מיט יידיש לעבן.

פון נאָענט און ווייט האָבן זיך חסידים געצויגן צום רבינס הויף, צו פּראַווען די יום־טובים ביים רבין, ר׳ יחזקאלע ראַדאָמסקערס טיש.

יידישע קראָמען, וועלכע פלעגן דורכן יאָר פּוסטעווען, און זייערע קרעמער פלעגן די אויגן זיך אויסקוקן פאַר אַ קונה, זענען אין די ערב־יום־טוב טעג געוואָרן שטאַרק פאַרנומען. אין זייערע געוועלבלעך האָבן זיך פלוצלונג גענומען באַווייזן פרעמדע קונים, און נישט איין קרעמער פלעגט אַ פאַרהאַוועטער לויפן צום צווייטן אויסבאָרגן אַ שטיקל סחורה, אויף וועלכן אַ קונה האָט זיך נאָכגעפרעגט און געוואַרט...

אכסניות, וואָס פלעגן דורכן יאָר זיין שיטער באַזעצט פון אַ דורכ־רייזנדיקן וואָיאַזשאָר, פון אַ יידענע, וואָס איז געקומען צום רבין נאָך אַ ברכה, ווייל עס האַלטן זיך ביי איר נישט קיין קינדער, זענען אין חודש אלול געווען איבערגעפּאַקט מיט חסידים.

ראש חודש אלול איז אויך געווען דער חודש אויף וועלכן אָרעמע־לייט האָבן אַרויסגעקוקט אַ גאַנץ יאָר. אין דער קורצער צייט האָבן זיי אַריינגענומען מער נדבות ווי דורכן גאַנצן יאָר.

דורכן יאָר פלעגן זיי גיין איבער די הייזער און קריגן פון די באַלע־באָסטעס צו שטיקלעך צוקער, צו גראָשנס, און פון די גאָר רייכע הייזער — אַ קאָפּיקע. נאָר אַזעלכע זענען געווען זייער ווייניק. אין חודש אלול זענען זיי נישט געגאַנגען איבער די הייזער, נאָר געבעטלט אויפן בית־עלמין, ווו ווייבער און מענער זענען געקומען אויף קבר־אבות, זיך אויסוויינען, אויסגיסן זייערע שווערע הערצער און אויסבעטן אַ גוט יאָר. ס׳פלעגט שוין פון ערגעץ אויסוואַקסן אַ חזן, אַ שמש, און געמאַכט אַן אל מלא רחמים, וואָס האָט אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן הייליקן אָרט.

נאָכן „אל מלא רחמים" פלעגן די אָרעמע־לייט באַפאַלן דעם אבל און יענער פלעגט טיילן „זעקסער" און אַ מאָל אויך צו פינף קאָפּיקעס. באַהיט און באַשירעמט האָט אַזעלכער געדאַרפט זיין, ווען ער האָט, חלילה, געגעבן צו איינציקע גראָשנס, וואָרעם פונקט ווי די שנאָרערס האָבן געבענטשט און געווונטשן אַ גוט יאָר פאַר אַ גוטער נדבה, האָבן זיי געשאָלטן און געזידלט און געווונטשן אַל־דאָס־בייז, ווען די נדבה איז געווען אַ קליינע. און וועלכער ייד האָט זיך דאָס געוואָלט איינרייסן און הערן אַ קללה אין די פאָרכטיקע טעג? האָט מען געגעבן...

אין די פאַרנאַכטן, ווען די אָרעמע־לייט פלעגן זיך אָפּפאַרטיקן מיטן בית־עולם, זענען זיי געגאַנגען אין דער שול־גאַס, צום רבינס הויף, ווו עס פלעגט אַלע ווילע צופאָרן אַ פרישע בויד מיט חסידים. דאָרטן האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי. דער ערשטערביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אויף קוליעס פיצעלע דער לומער, לעבן אים איז געשטאַנען פעסקע, זיין ווייב, אַ הויכע, לאַנגע יידענע מיט אַ געל פנים, מיט אַ מויל אָן ציין, אַרומגעוויקלט מיט אַ זיידענעם צעפליקטן האַבילאַק, מסתמא אַ נדבה פון אַ רייכער מאַדאַם.

חיימל באַראַבאַן, אַ ייד מיט אַ ברייטער נאָז, ווי אַ קאַרטאָפליע, האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות, אַז מען זאָל אים שענקען אַ נדבה פאַרן יתום. ער האָט נישט געבעטן, נאָר געפאָדערט. לעבן אים איז געשטאַנען שמוליקל דער יתום, אַ קליין דאַר ייִנגל, מיט אַן אויסגעשטרעקטביינערנעם הענטל. ער האָט גאָרנישט געזאָגט, נאָר זיינע שוואַרצע גלות־אויגן האָבן עפעס געמאָנט.

נעכע מיטן שלוכץ איז אויך דאָרט געווען. אַן איינגעפאַלענע יידענע, איינגעטונקען אין שמאַטעס. אַ קליין דאַר קעפל מיט צעשראָקענע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט פון די צעפליקטע מלבושים. אַ פאַרמאַכט, אויסגעמאַטערט ברייט מויל, וואָס פלעגט זיך פלוצלונג עפענען און אָנפאַנגען שלוכצן אויף אַזעלכע הויכע טענער, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער שול־גאַס ביזן מאַרק אַריין.

„האַניהוניע" איז אויך דאָרטן געשטאַנען. אַ הויכער ייד, מיט אַ טונקל צעקנייטשט פנים און אַ שוואַרצער באָרד, אַ פאַנפעוואַטער, וואָס האָט

נישט געקענט אַרויסרעדן דעם „ה׳״. דערפאַר האָט מען אים גערופן „האַ־ניהוניע״.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַ גאַנצע ריי איינגעבירטיקע אָרעמע־לייט, שנאָרערס, וועלכע האָבן געקענט אייבער דעם צווייטן, אַלטע, איינגעפונ־דעוועטע באָוואָראַדאָמסקער קבצנים, וואָס האָבן די חזקה אויף זייער שטעטל מיט די באַלעבאַטים און חסידים, וואָס קומען צו זייער רבין.

מיט אַ מאָל האָט זיך אין שטעטל אַריינגעריסן אַ פרעמדער אָרעמאַן, וועלכן קיינער האָט נישט געקענט, און האָט אויף זיך געצויגן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון אַלע פאַרבייגייער. ער האָט אין גאַנצן פאַרטונקלט די שטאָטישע אָרעמע־לייט.

געווען איז דאָס נישט גלאָט עפּעס אַן אָרעמאַן, וואָס בעט נדבות, נאָר אַ מענטש, אין וועלכן עס איז געזעסן אַ דיבוק, און נישט בלויז איין דיבוק, נאָר דווקא גאַנצע צוויי, אַ חזן און אַ סטראַזשניק. אַזוי האָבן מיר, קינדער, בפירוש באַשלאָסן, ווייל אָט האָט ער זיך צעזונגען ווי אַ חזן, און אָט האָט ער געשאָלטן אויף פּויליש, ווי אַ סטראַזשניק, און געסטראַשעט צו אַרעסטירן.

געווען איז דאָס אַ מיטליאָריקער מענטש, פון נידעריקן וווקס, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ שיין צעקאָמטער שוואַרצער באָרד. אויגן, ווי צוויי שאַרפע מעסערלעך, וואָס האָבן געדראָט און געשראָקן. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ לאַנגער אָפּגעריבענער קאַפּאָטע, אָבער אַ ציכטיקע, א ריינע. אין האַנט האָט ער שטענדיק געטראָגן אַ שטעקן, וואָס האָט אים געגעבן דעם אויסזען פון אַ פאַראָרעמטן סוחר. קיינער האָט נישט געוווּסט, ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. גערופן האָט מען אים דער בידניצער דיבוק, ווייל בשעת עס האָט פון אים אַרויסגערעדט אָדער אַרויסגעזונגען דער דיבוק, האָט ער כסדר דערמאָנט דאָס שטעטל בידניצע.

מערסטנס האָט ער געקראָגן זיינע אָנפאַלן בעת מיר, קינדער, פלעגן גיין פון חדר... מיר פלעגן זיך אַרומשטעלן אַרום אים אין אַ רעדל, אַלע ייִנגלעך, חוץ מיר און טעמען, דער בעקערינס, די איינציקע מיידלעך, וועל־כע זענען מיטגעלאָפן מיט די ייִנגלעך און צוזאַמען מיט זיי קאָמאַנדעוועט: „בידניצער, זינג דעם יהי רצון, זינג זמירות״, און מיר האָבן געוואָרפן

גראָשנס און צוקערלעך. אַרום אונדז האָבן זיך באַלד אַרומגעקליבן אַ סך מענטשן פון שטעטל, און זיי האָבן מיט גרויס נייגעריקייט זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל.

דער בידניצער דיבוק איז געלעגן אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג. דאָס העמד צעכראַסטעט, אַ האַריק לייב האָט זיך אַרויסגעזען. ער האָט געזונגען און געדאַוונט. זיין מויל איז געווען פאַרמאַכט, שוויס האָט זיך געגאָסן פון זיין פּנים און גאַנצן קערפּער, ער האָט זיך געוואָרפן און געמאַכט פאַרשידענע שטיק. ביי אונדז, קינדער, האָט ער אַרויסגערופן באַוווּנדערונג און אַ באַהאַלטענע שרעק. אויך באַלעבאַטים און ויידענע יונגע־לייטלעך, איידעמלעך אויף קעסט, האָבן געקוקט, געזען, געהערט און געגאַפט. דער־פאַר האָבן זיי אים באַלוינט מיט אַ ברייטער האַנט און געוואָרפן גרעסערע מטבעות.

אָפּגעזונגען, פלעגט דער בידניצער דיבוק אויפשטיין, אָפּווישן דעם שוויס מיט אַ רויט גרויס טאַשן־טיכל, אויפהייבן די צעוואָרפענע מטבעות און פלעגט זיך פאַרנייגן ווי אַ קונצן־מאַכער. דאָס צוזאַמענגעקליבענע געלט פלעגט ער אַריינלייגן אין אַ לעדערנעם בייטעלע און דאָס פאַרזיכטיק אַריינ־שפּילן אין דער אונטערשטער הויזן־קעשענע.

נאָכן אָפּרוען זיך אַ ווײַלע, האָט ער זיך ווידער אַ וואָרף־געטאָן צו דער ערד, און ווידער מיט אַ פאַרמאַכט מויל געזונגען. האָט אַ מאָל גע־טראָפן, אַז די מטבעות זענען געווען קליינע אָדער ווייניק, האָט דעמאָלט דער סטראַזשניק אין אים געזידלט און געשאָלטן מיט געפערלעכע קללות... דאָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ שרעק, פלעגט מען אים צוואַרפן דעם לעצטן גראָשן, וואָס מען האָט געהאַט ביי זיך, אַבי דער גוי, דער נאַכאַל, זאָל אויפהערן...

און אַזוי שוין עטלעכע יאָר ווי דער „בידניצער דיבוק" פלעגט קומען אויף יעדן ראש־חודש אלול קיין נאָוואָראַדאָמסק און האָט אַוועקגעריסן דאָס שטיקל בעטל־ברויט ביי די איינגעבירגערטע אָרעמע־לייט. און באַלד נאָך די ימים־נוראים פלעגט ער פאַרשווינדן.

אַ בייז האָרץ האָבן אויף אים געהאַט די נאָוואָראַדאָמסקער אָרעמע־לייט. זיי פלעגן מיט אים איינטענהן ער זאָל פאַרלאָזן „זייער שטאָט",

אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפֿן. זיי האָבן אים געשאָלטן, געזידלט, געררופֿן גנב, מאַשעניק, אים אָפּגעגאָסן מיט אַ פֿאַמוייניצע וואַסער, זיך אַפֿילו גע־כאַפּט אים שלאָגן, אָבער ס׳האָט אַלץ נישט געהאָלפֿן.

זענען די אָרעמע־לייט געלאָפֿן צום רבין און אים דערציילט וועגן דעם בידניצער דיבוק. האָט דער רבי געשיקט דעם שמש און געהייסן ברענגען צו אים דעם דיבוק, אָבער יענער איז פֿאַרשוווּנדן. אויף אַ שטיקל צייט און זיך ערשט ווידער באַוויזן צום סוף חודש אלול, און באַלד נאָך יום־טוב איז ער ווידער נעלם געוואָרן.

דורכן יאָר פֿלעגט מען אים פֿאַרגעסן, אָבער אַזוי שנעל ווי עס האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים, האָט ער זיך ווידער באַוויזן. אַן אימה פֿלעגט דעמאָלט באַפֿאַלן דאָס שטעטל. נאָוואָראַדאָמסק איז געגאַנגען כאָ־דאָראָם. מאַמעס האָבן געסטראַשעט קינדער מיטן דיבוק. כלה־מיידלעך האָבן מורא געהאַט צו גיין אַליין אין גאַס אין די אָוונטן. יונגע מעוברתטע פֿרויען האָבן געלאָזט די מזוזות איבערקוקן און נישט געגאַנגען אין גאַס אַפֿילו בייטאָג אָן אַ פֿאַרטעך (אַ סגולה קעגן בישט־גוטע). אַלטע ווייבער פֿלעגן דערציילן, אַז זיי האָבן אַליין געזען ווי פּונקט צוועלף ביינאַכט ווערט פֿונעם בידניצער דיבוק צוויי מענטשן, אַ חזן און אַ סטראַזשניק, און דער סטראַזש־ניק, דער שיכור, לויערט אויף יונגע מיידלעך...

מוראדיק און מיסטעריעז האָט נאָוואָראַדאָמסק אויסגעקוקט אין די שפּעטלעכע אויפֿדערנאַכטן, ווען בלויז מענער האָבן זיך געשלייכט איבער די גאַסן און געסלעך. פֿאַרלאָזן און פּוסט איז געווען דער „נייער וועג", די ראָמאַנטישע אַלייע, וווּ עס פֿלעגן שפּאַצירן מיידלעך און בחורים, די איינ־ציקע געפֿלאַסטערטע אַלייע, אָן בלאָטעס, מיט הויך צעוואַקסענע קאַשטאַן־ביימער פֿון ביידע זייטן. דאָס רוישן פֿון באַברינער טייך האָט זיך דער־טראָגן אַהין און זיך אויסגעמישט מיטן שטילן שעפּטשען פֿון די פֿאַרליבטע פּאָרלעך. נישט איין ליבע איז דאָרט פֿאַרקניפּט געוואָרן, און נישט איין צעבראָכן האַרץ און פֿאַרטרויערטע אויגן האָבן מיט בענקשאַפֿט געקוקט אויף די פֿאַרביישפּאַצירנדיקע יונגע־לייט און מיט די אויגן געזוכט יענעם, וועלכער האָט איר געשוואָרן אייביקע ליבע...

אין די שטילע זומערדיקע אָוונטן האָבן צום „נייעם וועג" געשטראָמט

באַלעבאַטישע יונגע־לייט, מיט לאַנגע געהאַקטע קאַפּאָטקעס, וועלכע פלעגן וואַרפן זייערע בליקן צו די באַלעבאַטישע טעכטערלעך, און אַ ראָמאַן אַן ווערטער האָט זיך אַנגעפאַנגען שפּינען. אַ מאָל פלעגט אויך אַהין זיך פאַרגנבענען אַ ישיבה־בחור, מיט פאַררוקטע פאות אונטער די אויערן, און מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געלאָזט זיך אויף דעם געפערלעכן „נייעם וועג", וואָס האָט געלאָקט און געצויגן צו יענער פאַרבאָרגענער וועלט פון די מעשה־ביכלעך.

אויך געזעלן, שניידער־יונגען, שוסטערס, זאָקן־מאַכערס, קאַמאַשן־שטע־פּערס האָבן שפּאַצירט אויפן „נייעם וועג". יונגע־לייט, אין וועלכע ס'האָט אָנגעפאַנגען אויפוואַכן אַ קעמפערישער גייסט, און פון זייערע צעהיצטע מיילער האָבן זיך געהערט די ווערטער „קאַרל מאַרקס", „שטרייק", „קאַמף", פאַרזאַמלונגען און פרייע אַמעריקע, און שטילערהייט, אַז קיין זייטיקער זאָל חלילה נישט הערן, האָט מען געזונגען „דאַלאָי ניקאָלאַי" (אַרונטער מיטן צאַר). די געזעלן פון פאַרשיידענע פאַכן זענען שוין אָבער נישט געגאַנגען אַליין. מיט זיי פלעגן שוין מיטשפּאַצירן די נייטאָרינס, שניי־דערינס, זאָקן־מאַכערינס און דינסטמיידלעך.

מיטן „בידניצערס" קומען האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן די יונגע מיידלעך פון „נייעם וועג". צו ערשט פלעגן אויספּעלן די באַלעבאַטישע טעכטער, שפּעטער אויך די אַרבעטערינס, און ס'איז אַלץ מער און מער געוואָרן אַ מאַנסבילשע אַלייע. האָבן די יונגע־לייט פאַרשטאַנען, אַז די מיידלעך קומען נישט, אויס מורא פאַרן דיבוק, זיי וואַגן נישט ביי נאַכט צו קומען אַליין אויפן „נייעם וועג", און די בראַווע, וועלכע וואָלטן שוין יאָ געוואַגט, האָבן די מאַמעס זיי נישט געלאָזט אַרויסגיין אויף דער נאַכט אַליין.

פּוסט איז געוואָרן דער „נייער וועג" אָן די מיידלעך. די שפּאַצירנדיקע יונגע־לייט האָבן מיט אַ מאָל דערפילט ווי „אימעצער" האָט ביי זיי צו־גערויבט דעם יום־טוב פון זייער לעבן.

דער „אימעצער", האָבן זיי וווּיל געוווּסט, איז דער בידניצער דיבוק, און זיי האָבן באַשלאָסן צו נעמען נקמה.

לייבקע „רעוואָלוציאָנער" האָט פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג, און נאָך לאַנגע,

היציקע דעבאַטעס איז באַשלאָסן געוואָרן פּטור צו ווערן פונעם „בידני־צער", פאַריאָגן אים אויף שטענדיק. אויף צו מאָרגנס, ווען מיר, קינדער, זענען אין ענגשאַפט געשטאַנען און פאַרגאַפּטע זיך צוגעקוקט צום בידניצערס ספּעקטאַקל, ווי ער זינגט מיט אַ פאַרמאַכט מויל ווי אַ חזן און שעלט ווי אַ סטראַזשניק, זענען פּלוצלונג אָנגעקומען חברה „אחדות"־יונגען מיט שטעקנס אין די הענט. פּונקט דעמאָלט איז דער דיבוק געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד און געהאַלטן אין מיטן זינגען המבדיל.

— זאָג בעסער אָפּ ווידוי — האָט הערשל קאָקוסקע אַ געשריי געטאָן — איידער מיר שיקן דיך אויף יענער וועלט.

דער בידניצער האָט ווייטער געזונגען.

— בידניצער, מיר זענען געקומען אַרויסטרייבן דעם דיבוק, גיי צוריק אין דיין רו אַריין — האָט בערל וואַשעוואַדע אויפגעהויבן זיין שטעקן.

— טראָג זיך אָפּ, בידניצער דיבוק, מיט גוטן און גיי צו אַלדי שווארץ יאָר — האָט אים געוואָרנט מענדל בעקער.

— אויב נישט, וועט מען דיך אַוועקטראָגן אַ טויטן — האָט נאָך איי־נער אַריינגעשריגן.

דער בידניצער האָט געזונגען נאָך מיט מער ברען און נישט געשענקט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט צום גאַנצן אַרומיקן טומל.

— אוי, אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין — האָט אויסגעשריגן שימעלע שוסטער מיט אַן אויפגעהויבענעם שטעקן.

— ווען דו וואָלסט געווען אַן אמתער דיבוק — האָט אַריינגעוואָרפן מאָטעלע שאַפּיראָ, אַ יונג בחור׳ל פון חסידישע עלטערן (אויף וועמען מען האָט געזאָגט, אַז ער איז קאַליע געוואָרן) — וואָלסטו געגאַנגען צו אונדזער רבין, ווען מען האָט דיך גערופן, און ער, זאָל לעבן, וואָלט שוין געוועזן פאַרטריבן פון דיר דעם נישט־גוטן.

— הייב זיך אויף און טראָג זיך אָפּ פון דאַנען די מינוט! — האָט לייבקע רעוואָלוציאָנער באַפוילן.

נאָר דער בידניצער דיבוק זינגט נאָך שטאַרקער, אַזוי ווי די גאַנצע זאַך וואָלט זיך מיט אים נישט אָנגעקערט, און מיר, קינדער, זענען געשטאַנען געפּלעפט און זיך צוגעקוקט מיט שרעק.

— הייב זיך אויף און טראָג זיך אָפּ, און טאַקע די מינוט! דו הערסט! די רגע!

דער בידניצער דיבוק זינגט העכער, שטאַרקער, און מיט מער ברען!

מיט אַ מאָל, אויפן ווונק פון לייבקע רעוואָלוציאָנער, האָט גענומען האָגלען מיט קלעפּ אויפן בידניצער. שטעקנס און פויסטן האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף זיין שווערן קערפּער. כאַצקעלע פּאַצעט האָט געשריען:

— גנב איינער, פּאַסיקל־שפּילער, סיבירניק! דו ווועסט אונדזערע מייד־לעך און קינדער מער נישט שרעקן מיט פאַלשע דיבוקים. אַרויס פון נאָ־וואָראַדאָמסק! אַוועק פון דאַנען, דו בויך־רעדנער!

דער בידניצער האָט אויפגעהערט זינגען און געשריען מיט באַנומענע קולות, אַז מען זאָל אים אויפהערן שלאָגן.

— זאָגסט אונדז צו, אַז דו ווועסט זיך אָפּטראָגן? — פרעגט שלמה דונער.

— אוי, איך קען נישט! האָט דער בידניצער אַרויסגעקרעכצט.

— צעטרייבערן מיר דיך ווי אַ בהמה — האָט אויסגערופן איציקל קצב, אַ הויכער יונג מיט אַן אונטערגעהאַקט אויג.

— הערט אויף! איך... זאָג צו... האָט אַרויסגעקרעכצט דער בידניצער

— איך זאָג צו!

לייבקע רעוואָלוציאָנער האָט אַ ווונק געטאָן צו דער חברה און די קלעפּ האָבן אויפגעהערט.

— זאָג אונדז צו, אַז דו ווועסט מער דיין גנביש פּרצוף דאָ נישט ווייזן!

— איך זאָג צו — האָט דער בידניצער קוים אַרויסגעסאָפּעט, און בלוט איז אים גערונען פון דער נאָז.

— דיין געביין זאָל זיך מער דאָ נישט געפינען...

— נישט געפינען... — האָט ער נאָכגערעדט שוואַך און נאָכגיביק.

דער בידניצער וויל זיך אויפהייבן און קען נישט. חברה ווילע יונגען הייבן אים אונטער. ער בלייבט שטיין, וואַקלט זיך ווי אַ שיכור, און זאָגט, אַז ער וויל פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, נאָר ער האָט נישט קיין געלט אויף אַ בילעט.

— זאָלסט אַזוי האָבן דאָס גוטע געזונט, ווי דו האָסט נישט אויף קיין בילעט — בענטשט אים „בערישל אַקטיאָר", אַ יונג בחור, וואָס האָט גע־

שפּילט מכירת יוסף אין פּורים, און ס׳איז אים שוין פֿאַרבליבן דער נאָמען „אַקטיאָר״, פֿון דעסטוועגן גיבן אַלע צו שטייער אויף אַ בילעט. מען נעמט צונויף דאָס געלט און מען פֿירט אים אונטערן אָרעם צום וואָקזאַל.

חברה וואַרט. דער צוג קומט אָן. מען שטופּט אַריין דעם בידניצער אין וואַגאָן. די טיר פֿאַרמאַכט זיך. אַ לאַנגער פֿייף, אַ קנויל רויך שפּאַרט אַרויס פֿונעם לאָקאָמאָטיוו. די באַן פֿאַרשווינדט. און צוזאַמען מיט דער באַן איז אויף אייביק פֿאַרשוווּנדן פֿון אונדזער שטעטל דער בידניצער „דיבוק״.

# א פארשטערטער ראש־השנה

ס'איז געווען ראש־השנה, אין אַ שפּעטן נאָכמיטיק. איך בין אַ פּאַר־יתומטע געזעסן אין אַ ווינקל פון שטוב און געבענקט נאָך מיין מאַמען.

דער ערשטער ראש־השנה אָן דער מאַמען. אין הויז האָט זיך אַרומגע־דרייט אַ שטיף־מאַמע.

איך האָב נאָך אַ מאָל איבערגעלעבט יענעם שרעקלעכן אויפדערנאַכט, ווען דער טאַטע איז צוריקגעקומען פון לאָדזש און מיטגעבראַכט עפּעס אַ פרעמדע הויכע דאַמע, וואָס האָט געטראָגן אַ גרויסן קאַפּעליוש מיט גרינע פעדערן.

דער טאַטע האָט צוגערופן אונדז, דריי קליינע מיידלעך, און געזאָגט:

— דאָס איז אייער נייע מאַמע... איר זאָלט איר אַלע רופן מאַמעשי.

די דאַמע האָט אויסגעטאָן דעם גרויסן הוט מיטן מאַנטל און עס דער־לאַנגט דער דינסט און איר געהייסן פאַרזיכטיק אויפהענגען דעם מאַנטל. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו אונדז קינדער און געפרעגט, ווי מיר הייסן.

— איך הייס חוהלע, — האָט די מיטלסטע געענטפערט.

— און איך הייס טשיפּעלע קרוין... — האָט די יינגסטע, די דריי־יעריקע, אַרויסגערעדט מיט שטאָלץ, און גלייך האָט דאָס קינד אַ פרעג געטאָן:

— און ווי הייסטו?

— איך הייס גוטשע, נאָר דו זאָלסט מיך רופן מאַמעשי.

— אַ נייע מאַמעשי, — האָט דאָס פּיצעלע אַרויסגערעדט און זיך אַזש צעטאַנצט פאַר פרייד.

— נו, און דו ווי הייסט? — האָט זי אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר קאַלטע אויגן.

— שרה יענטע.

זי האָט אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— פע, אַ נאָמען אַ ביסל! פון איצט אָן און ווייטער וועסטו הייסן סאַלטשאַ!

איך בין אַרויסגעלאָפן פון שטוב, בין אַריין אין קיך און זיך שטיל צעוויינט.

ס'איז אָנגעקומען די משפּחה. דער זיידע מיט דער באָבען, פעטערס און מומעס. געקומען אָנקוקן דעם טאַטנס נייע ווייב. איך בין נישט אַריינגעגאַנגען אין דער גרויסער שטוב, נאָר איך בין נאָך אַלץ געווען פאַררוקט אין אַ ווינקל און שטיל געהעשעט.

די באָבע איז אַריינגעקומען אין קיך און מיך געטראָפן אַ פאַרוויינטע. זי האָט מיך פאַרשטאַנען און געזאָגט:

— נו, מען טאָר נישט וויינען, שרהלע. דו מיינסט, אַז דיין טאַטן איז גוט?... האָט זי פאַרענטפערט איר זון, דו ביסט דאָך שוין, אָן אָן עין־הרע, אַ מיידל פון אַריבער עלף יאָר, דאַרפסטו פאַרשטיין, אַז ס'הויז דאַרף האָבן אַ באַלעבאָסטע.



דורך די עטלעכע חדשים, וואָס די מומע גוטשע האָט זיך געפונען ביי אונדז אין הויז, האָט זי איבערגעדרייט די גאַנצעווירטשאַפט... זי האָט אָפּגעשאַפן די אַלטע דינסט פראַדל און האָט אַריינגענומען אַ שיקסע. צו אונדז קינדער האָט זי געוועדט פויליש. זי האָט איבערגעשטעלט דאָס מעבל, צוגעקויפט נייע זאַכן, אַרויסגעוואָרפן אַלטע, זי האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פּריצה איבערן הויז. זי איז געווען פונקט דער היפוך פון מיין גוטער מאַמען, וועלכע האָט נישט געקאָנט ווי טאָן אַ פליג אויף דער וואַנט.

אַ מאָדנע ווירקונג האָט זי געהאַט אויף מיין פאָטער, וועלכער האָט זיך אין גאַנצן געפונען אונטער איר איינפלוס. זי פלעגט אונדז קינדער האַלטן אין איין פאַרמסרן פאַר אים, און פאַר יעדער קלייניקייט, וואָס מיר האָבן גאַנץ אומשולדיק געטאָן, זענען געפלויגן פעטש. נאָר דאָס גרעסטע כפּרה־הינדל בין איך געווען. איך בין געווען די עלטסטע און זי האָט מיר בשום־אופן נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס איך רוף איר „מומע", און נישט, ווי די יינגערע קינדער, „מאַמע". ס'איז נישט געווען דער טאָג, וואָס די

מומע גוטשע זאָל מיך נישט פאַרקלאָגן פאַרן טאַטן. און דער טאַטע האָט זיך גלייך געכאַפּט צום פּאַסעק.

— שוין זאָלסטו איבערבעטן די מאַמעשי!...

איך האָב נישט געענטפערט.

— ענטפער, דו וועסט איבערבעטן די מאַמעשי, יאָ, צי ניין? — איז זיין שטימע געוואָרן אַלץ שטרענגער, דער פּאַסעק מיט דער אויפגעהויבענער האַנט נעענטער...

— איך וועל נישט! — פלעגט זיך דעמאָלט דער פּאַסעק אַראָפּלאָזן אויף מיין קליינעם דאַרן גוף, און אומברחמנותדיקע שמיץ האָבן אָפּגעהילכט איבערן הויז. דערביי האָט דער טאַטע געשריען אויף מיר, צערייצט:

— שטיקער וועל איך פון דיר פּאַסעווען, אויב דו וועסט נישט אָפּגעבן כבוד דער מאַמעשי!

דערביי איז געשטאַנען די „מאַמעשי” מיט פאַרביסענע, פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך, און מיט גרויס הנאה זיך צוגעקוקט צום „ספּעקטאַקל”. אירע שפּיזן־אויגן האָבן געפינקלט מיט נצחון פון אַ זיגער.

איך פלעג דערפילן ווי פייערדיקע ריטער ברענען זיך אַריין אין מיין לייב, און בין שוין געווען גרייט אויף אַלץ, אבי דער ווייטיק מיט די שמיץ זאָלן אויפהערן. האָב איך אָבער דערזען דער מומע גוטשעס קאַלט־גזלניש פּנים מיטן סאַרקאַסטישן שמייכלען, בין איך געווען גרייט אויסצושטיין דאָס גיהנום אויף דער וועלט, אבי נישט איבערצובעטן מיין שטיף־מאַמען פאַר אַ זינד, וואָס איך בין נישט באַגאַנגען.

יענעם ראש־השנה, ווען איך בין אַזאַ פאַראומערטע געזעסן און גע־בענקט נאָך דער מאַמען, האָב איך זיך מיט אַ מאָל אַ כאַפּ געטאָן און בין געלאָפן צו דער מומע חוה, וועלכע האָט געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער, ווו איך פלעג אין טומל און שפּילערייען, כאָטש אויף אַ ווײַלע זיך פאַרגעסן אין מיין בענקעניש.

ווען איך בין אַריין אין הויז, האָב איך גראָד געטראָפן ווי דער פעטער יצחק האָט זיך אַ ביסל צעווערטלט מיט דער מומען. מיין קוזין יחיאל, אַ שטאַרק געוויקסיק יינגל, פון אַ יאָר פופצן, האָט צו מיר אַ ווונק געטאָן, אַז איך זאָל אים נאָכגיין.

מיר זענען אַרויס אין גרויסן הויף. עס איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מישאַ, אַ יונגער סטודענט, אין איין עלטער מיט מיין קוזין. דאָס סטודענטן־היטל האָט ער געטראָגן פאַררוקט אויף אַ זייט, און, אַ באַגייסטערטער, האָט ער דערציילט:

— דו ווייסט, יחיאל, מען גייט אויפפירן אין „הזמיר" „דאָס פּינטעלע ייד". מיין עלטערער ברודער וועט מיטשפּילן.

— גיי אַוועק, — האָט יחיאל געזאָגט, — איך דאַרף עפּעס רעדן מיט שׂרהלען.

— סודות מיט אַזאַ קליין מיידעלע? — האָט דער סטודענט געחוזקט.

ס'האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן דער אויסדרוק „קליין מיידעלע", איך האָב מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און וואַזשנער מינע זיך געלאָזט אַוועקגיין.

— זעסט וואָס דו האָסט געטאָן, — האָט מיין קוזין געזאָגט צו אים, — דו האָסט איר באַליידיקט...

זיי זענען מיר ביידע נאָכגעלאָפן. דער סטודענט האָט זיך אַנטשולדיקט און געוואָלט אַוועקגיין, האָט אים יחיאל נישט געלאָזט און געזאָגט אַז ער מעג הערן, וואָס ער גייט מיט מיר רעדן:

— פאַר דיר, — האָט ער געזאָגט צום סטודענט, — האָב איך נישט קיין סודות. איך וויל, — האָט יחיאל ענדלעך מודיע געווען, — אַז דו זאָלסט מיר טאָן אַ טובה. דו ביסט די איינציקע, וואָס קאָן מיר העלפן.

איך האָב מיט אַ מאָל זיך דערפילט זייער וואַזשנע, וואָס „איך בין די איינציקע, וואָס קאָן אים העלפן", און בין געווען גרייט אויף אַלץ. און זאָל דער סטודענט זען, אַז איך בין שוין נישט קיין „קליין מיידעלע".

— אויב איך וועל נאָר קאָנען, וועל איך דיר טאָן די טובה. זאָג, וואָס ווילסטו? — האָב איך מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ געפרעגט.

— איך מוז אויף היינט ביינאַכט האָבן אַ גומענעם קאַלנער, און אַזוי ווי אַלע געשעפטן זענען געשלאָסן, וויל איך, אַז דו זאָלסט עפענען אייער געוועלב און פון דאָרט אַרויסנעמען אַ גלאַנציקן גומענעם קאַלנער.

— וואָס רעדסטו, ס'איז דאָך יום־טוב! מען טאָר נישט עפענען!

— ס'וועט קיינער נישט וויסן, — האָט ער מיר פאַרזיכערט, — און אַבי דו נעמסט נישט קיין געלט, איז עס נישט קיין עבירה.

— איך האָב דאָך אָבער נישט די שליסלען, — האָב איך זיך נאָך אַלץ געוועדט.

דאָ האָט זיך דער סטודענט אָנגערופן:

— נו, דו זעסט דאָך שוין, אַז זי האָט מורא!

זיינע רייד האָבן מיר אַ ברי געטאָן און איך האָב פעסט אַרויסגערעדט:

— איך האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא. איך ווייס ווו די שליסלען זענען, און אויב די מומע גוטשע איז נישטאָ אין הויז, וועל איך נעמען די שליסלען און עפענען ס׳געשעפט.

— ס׳וועט זיין גוט, — האָט מיין קוזין יחיאל מיר פאַרזיכערט, — דו וועסט צוריקלייגן די שליסלען אויפן זעלבן אָרט פון וואַנען דו האָסט זיי גענומען, און עס וועט קיינער קיין מאָל נישט וויסן וועגן דעם, אַחוץ מיר דריי.

איך בין באַשטאַנען, אָבער מיט אַ תנאי, אז איך זאָל אויך מיטנעמען מיין קוזינע איטע, יחיאלס שוועסטער, וועלכע איז געווען מיין בעסטע חברטע.

מיר האָבן זיך זאַלבע פערט אָוועקגעלאָזט צו אונדזער הויז. בלויז איך אַליין בין אַריין אין שטוב. ס׳איז קיינער נישט געווען אין הויז, בין איך אַריין אין טאַטנס קאַנטאָר, האָב פון אַ זייטיקן שופלאָד אַרויסגענומען די שליסלען און בין אויף די שפיץ פינגער צוריק אַרויס פון הויז.

מיר זענען דאַן אַוועק אויפן נייעם מאַרק, ווו עס האָט זיך געפונען אונדזער גאַלאַנטעריי־געוועלב. איך האָב פאַרזיכטיק אויפגעשלאָסן איין שלאָס נאָכן אַנדערן, האָב אַראָפּגענומען דעם לאַנגן אייזערנעם פרענט און געעפנט די טיר.

מיר זענען אַריין אינעווייניק. מישא איז געשטאַנען אין דרויסן און געהאַלטן די טיר אַ ביסל אָפן, אַז עס זאָל אַריין ליכט, און צו דער זעלבער צייט האָט ער געדאַרפט האַלטן „אויג״ און אונדז לאָזן וויסן, צי עס קומט נישט אָן עפּעס אַ באַקאַנטער.

איך האָב אויף שנעל אויסגעזוכט אַ גומענעם קאַלנער פון זיין נומער און פאַסאָן. יחיאל האָט דעם איינגעוויקלטן קאַלנער פאַרזיכטיק אַריינגעלייגט אין קעשענע און מיר זענען צוריק אַרויס פון געוועלב. איך האָב זיך גענומען

צום פאַרשליסן. כ׳האָב פאַרשלאָסן די ערשטע טיר, אויך די צווייטע, דערנאָך אַרויפגעלייגט דעם לאַנגן אייזערנעם פּרענט, אָנגעטאָן דעם גרויסן אייזערנעם שלאָס און צוגעשלאָסן מיטן לעצטן שליסל. איך האָב זיך געפילט אַ ביסל שולדיק פאַר אָפּטאָן אַזאַ זאַך אָן מיין פּאָטערס וויסן און האָב דערפאַר געוואָלט זיין טאָפּלט זיכער, אַז דאָס געוועלב איז ריכטיק פאַרשלאָסן.

— איטע, — האָב איך געזאָגט, — פּרוביר דו, צי עס איז גוט פאַרשלאָסן.

זי איז צוגעגאַנגען, אַ דריי געטאָן דעם שליסל און געזאָגט, אַז עס איז גוט פאַרשלאָסן.

איך בין נאָך אָבער אַלץ נישט געווען זיכער, און איך האָב געבעטן יחיאלן, אַז אויך ער זאָל פּרובירן. האָבן זיינע שטאַרקע יונגע הענט אַ דריי געטאָן דעם שליסל... און איך האָב דערהערט אַ קריץ צוזאַמען מיט אַן „אוי״ און דערזען ווי ער האַלט אַ האַלב־אָפּגעבראָכענעם שליסל אין דער האַנט.

איך האָב פאַר גרויס שרעק אַזש אויפגעציטערט. איך האָב אָבער איינגעהאַלטן מיינע טרערן.

— נו, האָב נישט קיין מורא, שרהלע, — האָט יחיאל געזאָגט, — און זאָרג נישט. דער שליסל וועט נאָך היינט זיין פאַרריכט.

— ווי אַזוי? האָב איך אַ געפּלעפּטע געפרעגט.

— איך האָב אַ באַקאַנטן גוי, אַ שלאָסער, ער וווינט ווייט הינטערן שטאָט, וועלן מיר גלייך גיין צו אים. ער וועט דעם שליסל פאַרריכטן און דו וועסט אים דערנאָך צוריקלייגן אויפן אייגענעם אָרט, פון וואַנען דו האָסט אים גענומען, און עס וועט זיין שאַ־שטיל.

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, און מיר האָבן זיך באַלד אַלע פיר געלאָזט גיין צו דער גויִשער קוזשניע, מיט די צוויי האַלבע שליסלען.

מיר זענען געגאַנגען מיט דער שול־גאַס און זיך פאַרנומען אויפן וועג ווו מען פאָרט קיין פּשעדבערזש. עס איז געווען אַ גרויסער מהלך. מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם בית־עולם. איך בין געבליבן שטיין. כ׳האָב מיט בענקשאַפט און פייכטע אויגן געוואָרפן אַ בליק צום „גוטן אָרט״, ווו עס האָט גערוט מיין מוטער. די קינדער האָבן מיך אָבער נישט געלאָזט זיך לאַנג פאַרטראַכטן. זיי האָבן מיך אונטערגעיאָגט, ווייל ס׳איז שוין געווען שפּעט.

אַ רויטע זון איז פֿאַרגאַנגען אין מערב־זייט. אויפֿן הימל האָבן זיך אָנגעפּאַנגען שפּרייטן וואָלקנס. מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אינעם קליינעם דאָרף. מיין קוזין האָט אונדז צוגעפֿירט צו דער קוזשניע, נאָר צו אונדזער גרויסער אַנטוישונג איז די קוזשניע געווען פֿאַרמאַכט. מיר זענען אַריין אין דער קליינער פֿויערשער כאַטקע, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, און וויאָס האָט באַלאַנגט צום שלאָסער. אַ גרויסע געזונטע גויע האָט אונדז געזאָגט, אַז איר מאַן איז היינט געפֿאָרן אין שטאָט אַריין, און זי ווייסט נישט ווען ער וועט קומען צוריק. מיר זענען געוואָרן שטאַרק פֿאַרצווייפֿלט און איר דערציילט פֿון אונדזער אומגליק. זי האָט אונדז גלייכגילטיק אויסגעהערט און דערביי האָט זי צעשניטן אַ שטיק קאָלבאַס אויף קליינע שטיקלעך און עס אַריינוואַרפֿן אין דער סקאָוואָראָדע צו פּרעגלען. פֿון דעם ריח האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ נישט־גוטקייט. מיר האָבן געוואַרט איבער אַ שעה. עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, און דער שלאָסער איז נאָך אַלץ נישט געקומען. מישאַ האָט פֿאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גיין אַהיים. זיינע עלטערן, — האָט ער געזאָגט, — וועלן נישט וויסן ווו ער איז אַהינגעקומען און וועלן מסתמא זיין שטאַרק באַזאָרגט. ער האָט אונדז צוגערעדט, אַז מיר זאָלן גיין אַהיים. איך האָב נישט געוואָלט הערן דערפֿון.

— איך וועל נישט אָוועקגיין פֿון דאַנען, — האָב איך פֿעסט געזאָגט, — ביז דער שליסל וועט נישט זיין אַ פֿאַרריכטער.

נאָך אַ לאַנגן וואַרטן און דינגעניש האָבן מיר ענדלעך באַשלאָסן צו גיין, מיט דער האָפֿענונג, אַז אפֿשר וועלן מיר טרעפֿן דעם גוי אויפֿן וועג.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, וואָס פֿירט צו דער שטאָט, און דערביי האָבן מיר זיך איינפֿאַרשטאַנען, אַז מיר רעדן פּויליש, ווייל מיר האָבן גוט געוווּסט, אַז עס איז אַ גרויסע סכנה פֿאַר יידישע קינדער, צו גיין שפּעט ביינאַכט הינטער דער שטאָט און רעדן יידיש...

די יינגלעך זענען געגאַנגען פֿאָרויס. איך מיט איטען פֿון הינטן. ס׳איז געווען אַ פֿינצטערע נאַכט און ס׳האָט אָנגעהויבן צו טריפֿן אַ דראָבנער רעגן. מיר זענען ווידער פֿאַרבייגעגאַנגען דעם בית־עולם, און איך בין געבליבן שטיין.

— פֿאַר וואָס שטייסטו? — האָט איטע געפֿרעגט.

— איך וויל רעדן מיט מיין מאַמען.

—„ס׳גוטע אָרט״ איז איצט פאַרמאַכט און זי וועט דיך נישט הערן, — האָט איטע געזאָגט.

— זי וועט מיך יאָ הערן, — האָב איך פעסט געענטפערט.

איך בין צוגעגאַנגען נאָענט צום פּלויט און האָב שטיל געזאָגט:

— מאַמעשי קרוין, עס איז מיר נישט גוט, עס איז נאָך נישט קיין יאָר צייט זינט דו ביסט אַוועק פון אונדז און מיר האָבן שוין אַ שטיף־מאַמע. זי איז זייער אַ שלעכטע און איך האָב איר פיינט. היינט האָב איך צעבראָכן דעם שליסל פון געוועלב און איך האָב מורא אַהיים צו גיין, ווייל איך ווייס, אַז דער טאַטעשי וועט מיך שלאָגן. ער שלאָגט מיך איצט זייער אָפט, איך וויל אַנטלויפן פון דער היים, נאָר איך ווייס נישט וווהין איך זאָל לויפן... מאַמעשי, טייערע, איך בענק נאָך דיר. פאַר וואָס ביסטו אַזוי שנעל אַוועק פון אונדז, פאַר וואָס?

איך האָב זיך שטיל צעוויינט. די יינגלעך האָבן אונדז גערופן, בין איך אַ שווייגנדיקע צוריק אַרויף אויפן שאָסיי. ווען מיר זענען שוין געווען אָפּ־געגאַנגען מער ווי אַ האַלבן וועג, האָבן מיר פון דער ווייטנס דערזען פאָרן אַ פערד מיט אַ וואָגן. מיר האָבן געגומען שפּאַנען האַסטיקער. יחיאל איז דער ערשטער צוגעקומען צום וואָגן און מיט פרייד אויסגערופן, אַז עס איז דער שלאָסער. מיין קוזין האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה מיטן צע־בראָכענעם שליסל. דער שלאָסער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט דעם שליסל פאַרריכטן און אונדז געהייסן אַרויפקריכן אויפן וואָגן. מיר האָבן אים דער־קלערט, אַז עס איז יום־טוב, און אַז יידישע קינדער טאָרן נישט פאָרן אום יום־טוב, דעריבער האָבן מיר אים געבעטן, אַז ער זאָל פאָרן פּאַמעלעך, וועלן מיר קאָנען נאָכגיין זיין וואָגן.

מישאַ האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און זיך געלאָזט גיין אַהיים, איך, איטע און יחיאל זענען נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן.

דער שלאָסער האָט אין אָנהייב געהאַלטן וואָרט און געפאָרן פּאַמעלעך, אָבער באַלד, ווייזט אויס, איז אים דאָס שלעפּן זיך נמאס געוואָרן, האָט ער אונדז נאָך אַ מאָל אָנגעבאָטן אַרויפצוגיין אויפן וואָגן, נאָר אַז מיר האָבן אַלץ נישט געוואָלט, האָט ער אַ קנאַק געטאָן מיט דער בייטש, אַ געשריי געטאָן

„וויאָ״, און באַלד האָבן זיך די פערד אַ לאָז געטאָן ווי פייל פון בויגן... מיר האָבן גענומען לויפן געשווינד, נאָך אַ היפּשע ווײַלע פון נאָכלויפן דעם וואָגן האָבן מיר זיך געמוזט אָפּשטעלן, כדי צו כאַפּן דעם אָטעם. מיר האָבן זיך אַ ביסל אָפּגערוט און ווײַטער געלאָפן. אויסגעווייקטע פון רעגן און שוויס זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען צום שלאָסערס הייזל. דער שלאָסער איז אָנגעקומען פריער פאַר אונדז און, ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, האָט ער שוין געהאַט באַוויזן צו דערציילן זײַן ווײַב פון אונדזער „לויפעניש״, ווײַל מאַן און ווײַב האָבן זיך ממש געהאַלטן ביי די זײַטן פון געלעכטער.

די גויע האָט געזאָגט, אַז צו ערשט מוז איר מאַן עסן וועטשערע און ערשט דאַן וועט ער זיך נעמען פאַרריכטן דעם שליסל. ער האָט זיך ברייט אָוועקגעזעצט ביים טיש, זיך אַרײַנגעגאָסן אַ גלאָז ווײַסע וואָדקאָ, אויסגע־טרונקען מיט איין צי און זיך גענומען צו אַ גרויסער שיסל מיט קאַרטאָפליעס מיט קרויט און קאָלבאַסע. ער האָט גענומען אַ שטיק חזיר פון זײַן טעלער, עס שקאַצעוואַטע צוגעטראָגן צו אונדזערע נעז און אונדז געהייסן עסן...

דער הונגער, וועלכער האָט אונדז דאָקוטשעט די גאַנצע צייט, איז אונדז מיט אַ מאָל פאַרגאַנגען, זעענדיק בלויז דאָס ווײַסע שטיק קאָלבאַס. מיר האָבן אונטערטעניק געשמייכלט און געזאָגט, אַז עס הונגערט אונדז נישט... מיר האָבן אים נאָך אַ מאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב ער פאַרריכט חלילה נישט דעם שליסל, וועט מען נישט קאָנען עפענען דאָס געוועלב און מיר וועלן זיך נישט טאָרן ווײַזן אין הויז... יחיאל האָט דעם שלאָסער עפּעס אײַנ־גערוימט אין אויער און עס האָט געהאָלפן, ווײַל ער איז מאָמענטאַל אויפ־געשטאַנען, איז אַרויס און געעפנט די קוזשניע, און ווייניקער ווי אין פינף מינוט איז דער צעבראָכענער שליסל געווען אַ גאַנצער. איך האָב מיט גרויס פרייד געכאַפּט דעם שליסל. מיר האָבן באַדאַנקט דעם שלאָסער און זיך ווידער אַ מאָל געלאָזט אין וועג אַרײַן.

ס׳איז נאָך אַלץ געפאַלן אַ דראָבנער רעגן. אַ טיפע פינצטערניש האָט אײַנגעהילט די הײַזלעך אַרום. ווו נישט ווו האָט אין אַ פענצטער זיך גע־צונדן אַ פייערל פון אַ פויערישער כאַטקע, פון ערגעץ האָט אַ הונט געבילט.

דרײַ יידישע קינדער זענען געגאַנגען איבער פוילישע וועגן, יעדער מיט זײַן מורא אין האַרצן. דער גאַנצער שליסל, וועלכן איך האָב איצט

## שרה האַמער־דזשאַקלין

פעסט געהאַלטן אין מיין האַנט און וואָס האָט מיך ערשט אַזוי שטאַרק דער־פרייט, האָט איצט ביי מיר אַרויסגערופן שרעק און מורא. וואָס פאַראַ תירוץ וועל איך געבן מיין פאָטער? ווו בין איך געוועזן ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?

איך האָב פאַרטראַכט פאַרשידענע תירוצים. ס׳האָט אָבער מיין מורא נישט פאַרמינערט אויף אַ האָר. איך האָב קלאָר געזען און געהערט מיין פאָ־טערס שטרענג קול, וואָס פרעגט און וואַרט נישט אויף אַן ענטפער... און איך האָב דערזען און, ממש, דערפילט דעם פּאַסעק, וואָס לאָזט זיך מיט אימפּעט אַראָפּ אויף מיין אויסגעדאַרטן לייב.

מיר זענען אַריין אין שטאָט. דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוועלף. איך האָב זיך מיט שרעק אָנגעכאַפּט אין איטעס האַנט. זי האָט דערפילט מיין מורא און געזאָגט:

— גיי נישט אַהיים. קום מיט מיר צו אונדז. וועסט ביי אונדז עסן און שלאָפן. מאָרגן וועט דיין מאַמע דיך אַהיים פירן.

— ניין, עס וועט זיין נאָך ערגער, ווען מ׳וועט מיך זוכן און געפינען ביי אייך אין הויז.

ווען איך וועל עלטער ווערן, וועל איך אַנטלויפן...

מיר האָבן זיך געזעגנט און יעדער האָט זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון זיין היים. ווען איך בין צוגעקומען צו אונדזער שטוב, בין איך געבליבן שטיין אין פאָדער־הויז און נישט געהאַט גענוג מוט אַריינצוגיין. איך האָב מיך אָבער סוף־כל־סוף אָנגענומען מיט קוראַזש, האָב אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף דער קליאַמקע פון דער טיר און בין אַזוי געשטאַנען באַוועגלאָז און נישט געוואַגט צו עפענען די טיר... איך האָב פּאַוואָליע גענומען דרייען דאָס הענטל. מיט אַ מאָל האָט זיך די טיר אַ האַסטיקן עפן געטאָן און אַ פּאָר שאַרפע שפּיזן־אויגן האָבן מיך אַדורכגענומען:

— סקאָצל קומט, — האָט די מומע גוטשע אויסגעדונערט, — זי איז דאָך שוין דאָ! עס וואַרט אויף דיר די ריכטיקע פּאַרציע. יוסף! יוסף! — האָט זי גערופן מיין פאָטער, — דיין שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט... איי, וועט ער שינדעוועז, אַז דו וועסט עס האָבן צו געדענקען אויף דיין גאַנצן לעבן!

איך בין געבליבן שטיין ביים טיר אין קיך און האָב פאַר שרעק נישט

געקאַנט רירן מיט די פיס. מיין שטרענגער טאַטע איז אַריינגעקומען פון דער צווייטער שטוב. זיין ברייטלעכע פיגור האָט ווי אויפגעציטערט, ווען ער האָט מיך דערזען. זיין פּנים הינטער דער שוואַרצער באָרד האָט עפּעס אויסגעקוקט בלאַסער ווי אַלע מאָל. זיין הויכער שטערן איז געווען טיפער געקאַרבט, אין זיינע שוואַרצע אויגן האָט געברענט אַן אומעטיק פייערל.

— ווו ביסטו געווען ביז איצט? — האָט ער שטרענג געפרעגט. זיין שטימע איז אויסגעקומען געשפּאָלטן און האָט כמעט געקלונגען מילד. עס האָט געפעלט יענער מוראדיקער ברען, פאַר וועלכן איך פלעג ווערן אַ פאַר־ציטערטע.

— זאָג מיר דעם אמת, — האָט ער שטיל צוגעגעבן.

זיין טאָן האָט מיך באַרויקט און איך האָב דערציילט אַלץ, ווי אַזוי כ'האָב גענומען די שליסלען, געעפנט דאָס געוועלב, כדי צו נעמען אַ גר־מענעם קאָלנער פאַר יחיאלן, ווי אַזוי דער שליסל איז צעבראָכן געוואָרן, און ווי אַזוי מיר, קינדער, האָבן זיך געשלעפּט אַהין און צוריק פונעם שלאָ־סער, ביז ער האָט ענדלעך פאַרריכט דעם שליסל.

— ווייסטו דען נישט, אַז מען טאָר נישט עפענען אַ געוועלב אום יום־טוב? — האָט דער טאַטע געפרעגט, אָבער שוין אין אַ ווייכן טאָן, — און גרעסער איז נאָך די עבירה פון פאַרריכטן אַ שליסל, — האָט ער צוגעגעבן.

— יאָ, איך ווייס, אָבער איך האָב מורא געהאַט אַהיימצוקומען מיט אַ צע־בראָכענעם שליסל. איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט מיך...

— נו, גענוג שוין, — האָט ער מיך נישט געלאָזט ענדיקן די לעצטע ווערטער, — קום אַריין און לאָמיר עסן.

איך בין אַ מידע און אויסגעשעפּטע אַריין אין דער גרויסער שטוב און כ'האָב באַמערקט, אַז די חלות זענען נאָך געלעגן אויפן טיש צוגעדעקט מיט אַ טישטעכל. דער ווײַן איז געווען נישט גערירט. ס'זילבערוואַרג איז געלעגן גלייך אויסגעלייגט, נאָר די ליכט האָבן שוין געהאַט אויסגעברענט. ס'איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז מ'האָט נאָך נישט געגעסן. מיין קליין שוועסטערל טשי־פּעלע איז שוין געשלאָפן. חוהלע איז אַ פאַרוויינטע געזעסןביים טיש. ביי מיין אַריינקומען האָט זי זיך אַ הייב געטאָן, זי איז צוגעלאָפן צו מיר און האָט פון גרויס פרייד זיך אַזש צעוויינט און דערציילט, אַז מען האָט מיך

אַרומגעזוכט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז מען האָט מורא געהאַט, אַז עס האָט מיט מיר געטראָפן אַן אומגליק...

דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש, און ווען ער האָט זיך געוואַשן צום עסן, האָט די מומע גוטשע שטיל אָ זאָג געטאָן:

— דו מיינסט אודאי, אַז עס וועט דיר אַזוי גלאַטיק אָפּגיין, הייבט זיך גאָרנישט אָן... דער טאַטע האָט דיך נישט געשלאָגן, ווייל עס איז היינט יום־טוב... אָבער דו וועסט דאָס דייניקע קריגן נאָך ראש־השנה...

מיין פאָטער האָט געהערט די לעצטע ווערטער, און צום ערשטן מאָל האָב איך באַמערקט, ווי ער האָט אויף איר געוואָרפן אַ בייזן בליק. ער האָט געמאַכט אַ ברכה איבער דער חלה, מיר דערלאַנגט אַ שטיקל חלה און געזאָגט: „נאַ, מאַך אַ המוציא און עס, האָב קיין מורא נישט. איך וועל דיך נישט שלאָגן".

ווען איך האָב יענע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין געלייענט קריאת שמע, האָב איך צוגעגעבן די ווערטער:

— טייערע מאַמעשי, איך ווייס, אַז דו האָסט מיך געהערט, ווייל דער טאַטעשי האָט זיך צו מיר היינט באַנומען פונקט אַזוי, ווי דו וואָלסט געווען מיט אונדז אין הויז.

# די מומע טייבעלע

געקומען קיין נאָוואָראָדאָמסק איז די מומע טייבעלע פון גוואָשניצע. געווען איז זי עפּעס אַ וויַיטע קרובה, נאָר גערופן האָט זי די גאַנצע משפּחה „מומע".

אין הויז ביי אונדז האָט מען שטענדיק גערעדט פון דער „מומע טייבעלע". די באָבע פלעגט גאָר אָפּט פאָרן קיין גוואָזשניצע צו גאַסט. זי האָט גלייך איינגעזען אַז דאָס יונגע פּאָרפאָלק וועט קיין זעקל זאַלץ נישט אויפעסן... זי האָט דערציילט, אַז משה חיים, דער מאַן, האָט געהאַט טענות, אַז זיין ווייב איז אַ שלאַק, אַ קהלשע קליאַמקע, אַ מרשעת און אַ קליפּה. און טייבעלע האָט געזאָגט, אַז דער מאַן אירער איז אַ זולל־וסובא, אַ פּרעסער. ס'איז רעכט ביי אים צו כאַפּן אַן איבערבייס איידער ער גייט צום דאַווענען און דערצו איז ער אַ גרויסער עולם־הזהניק, און די באָבע האָט אַלע מאָל געגעבן רעכט דער מומע טייבעלע.

קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. צען יאָר נאָך דער חתונה האָט דער מאַן זי אָפּגעגט. זי איז, אַ פאַרביטערטע גרושה, געקומען צו פאָרן צו דער משפּחה.

איינגעשטאַנען איז זי ביי אונדז. איך געדענק זי גענוי: אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט אַ קרענקלעך, בלאַס פּנים, אַ לענגלעכע נאָז. נאָר אויגן האָט זי געהאַט שיינע, שוואַרצע. דורך דער וואָך האָט זי געטראָגן אַ ברוין־האָריק שייטל; שבת און די יום־טובים האָט זי אָנגעטאָן אַ קאָפּקע, וואָס האָט געהאַט אַ טשעפּיק מיט פעדערלעך און קאָלירטע קרעלן. אויסגעקוקט האָט זי אַ סך עלטער ווי אירע 34 יאָר. זי האָט זעלטן געלאַכט. זי איז אַלע מאָל אַרומגעגאַנגען אַ בייזע, אַן אָנגעכמורעטע, פול מיט טענות צו דער וועלט, און צו איר געוועזענעם מאַן.

בלויז צוויי וואָכן איז זי איינגעשטאַנען ביי אונדז. זי האָט דורך דער צייט זיך אויסגעזוכט אַ דירהלע און גענומען האַנדלען מיט זייף. איין

מאָל אַ וואָך אין מאַרק־טאָג איז זי געשטאַנען מיט אַ טישל פּראָסטע זייף און דאָס פּאַרקויפט צו די פּויערטעס. דורך דער וואָך האָט זי זיך אייַנגעשאַפט קונדן אין באַלעבאַטישע הייזער און פּאַרקויפט שמעקעדיקע און אויסלענדישע זייפן. זי האָט קיין מאָל גאָרנישט גענומען ביי קיינעם און האָט אויך פיינט געהאַט צו געבן פון איר אייגענער קעשענע... דאָס האַנדלען איז געווען ביי איר דער קוואַל פון פּרנסה. נאָר דער הויפּט־ציל אין איר לעבן איז געווען רחמנות צו האָבן אויף מענטשן, העלפן קראַנקע, קלייבן נדבות פאַר נויטבאַדערפטיקע. זי האָט געשטעלט באַנקעס און פּיאַווקעס אונטער די אויערן און אָפּגעשפּראָכן עין־הרעס, געריבן דעם חולה מיט זאַלבן און געשמירט מיט מאַשטשן, וואָס זי אַליין האָט געמאַכט פון פאַרשידענע קרייטעכצער. די מומע טייבעלע האָט קיין מאָל נישט פאַרפעלט קיין לוויה. זי האָט מיטגעווײנט און אַרויסבאַגלייט דעם מת צום בית־עולם. זי האָט מיט באַהאַלטענער הנאה אויסגעהערט שווערע הערצער און זייי געטרייסט. און באַלד האָט גאַנץ גאָוואַראַדאָמסק זי גערופן: „מומע טייבעלע".

איז געקומען ראש חודש אלול, איז זי גאָר נישט אָפּגעטראָטן פון בית־הקברות. זי איז געגאַנגען פון איין קבר צום צווייטן. און האָט זי זיך דערוווּסט, אַז מען שטעלט אַ מצבה, האָט זי איבערגעלאָזט אַלע אירע געשעפטן און געלאָפן אויפן הייליקן אָרט.

און פּונקט ווי זי איז געגאַנגען צו לוויהס, אַזוי האָט זי פיינט געהאַט צו גיין אויף שמחות. דאָס גיין אַ מאָל צו דער משפחה אויף אַ חתונה אָדער אַ ברית איז פאַר איר געווען אַן אָפּקומעניש. זי פלעגט ביי אַ שמחה זיצן פאַררוקט אין אַ ווינקל און מיט אַ זויערער מינע קוקן אויף די גליקלעכע מחותנים, געזען ווי יונגוואַרג הוליעט און קוועלט פון פאַרגעניגן, האָט דאָס איר דענערווירט און זי פלעגט זיך שטילערהייט אַרויסשלייכן פון זאַל.

אין די ערשטע יאָרן פון איר באַזעצן זיך ביי אונדז אין שטעטל פלעגט מען איר רעדן שידוכים, אָבער זי האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. זי האָט געפונען חסרונות אויף די שענסטע יידן. האָט די משפחה אויפגעגעבן יעדע האָפענונג, אַז די מומע טייבעלע וועט נאָך אַ מאָל חתונה האָבן. זי האָט

אַלעמען געקענט, אָבער מיט קיינעם זיך נישט געהאַלטן צו נאָענט. בלויז איין פריינדין האָט זי געהאַט: חנה־לאה, אַ פּאַרוויינטע עלטערע יידענע, אַן אלמנה מיט אַ קראַנקן זון. יענערס צער האָט די מומע טייבעלען גע־האַלטן ווי געפּאַנגען. זי פלעגט מיט גרויס רחמנות און פּינקטלעכקייט אָפּהיטן דעם קראַנקן זון און זיי העלפן מיט וואָס זי האָט געקאָנט.

מיט אַ מאָל האָט זיך דאָס ראָד פון מזל אַ דריי־געטאָן אויף חנה־לאהס זייט. זי האָט חתונה געהאַט פאַר אַן עלטערן ווילן ייד, אַן אלמן, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע שפּייז־קראָם. פּרנסה האָט נישט געפעלט. חנה־לאה מיט איר קראַנקן זון זענען אויפגעריכט געוואָרן. די מומע טייבע־לע האָט שוין מער נישט געדאַרפט אויף זיי רחמנות האָבן. און דאָס האָט אָפּגעקילט די הייסע פריינדשאַפט. ווי אויסטערליש, זי האָט איר איינציקע פריינדין מער נישט געוואָלט זען, אפילו איר נאָמען נישט געוואָלט הערן. זי האָט געזאָגט אַז יענע איז אַ באַרימערקע...

דער מומע טייבעלעס „באַזוכן" דעם בית־עולם זענען נאָך דעם ברוגז ווערן מיט חנה־לאהן געוואָרן באָך אָפטער ווי פריער. זי האָט דערציילט, אַז זי גייט אַהין צו דער קברותניצע, וואָס איז געלעגן צו בעט און געווען שטאַרק קראַנק. זי האָט איר געשטעלט באַנקעס, געגעבן צו טרינקען אַ מין רעצעפּט, וואָס זי האָט אַליין געמאַכט, אָפּגעקאָכט אַ ביסל וואַרעמעס פאַר דער קראַנקער מיטן מאַן. אָבער יענער איז דערפון בעסער נישט געוואָרן. נאָך צען חדשים קרענקען איז זי געשטאָרבן. די מומע טייבעלע האָט שטאַרק געוויינט אויף איר טויט, זיך געוואָרפן אויף איר קבר, און דאָרטן אַריינ־געשריען און געבעטן מחילה.

און פונקט צום יאָר האָט די מומע טייבעלע חתונה געהאַט מיטן קברות־מאַן, וואָס איז נאָך געווען אַ קרעפּטיקער ייד, אָבער אַ פאַרוואַרלאָזטער, אַ פאַרברודיקטער, מיט אַן אָפּגעלאָזן הויז. דאָס גאַנצע שטעטל מיט דער משפּחה האָבן נביאות געזאָגט, אַז דאָס פּאָרפאָלק וועט זיך האַלטן צוזאַמען פון אסתר תענית ביז פורים...

אָבער ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ זיווג פון הימל. די מומע טייבעלע האָט זיך גלייך נאָך דער חתונה צעבליט. אַ רויטע פאַרב האָט גענומען שפּריצן אין אירע באַקן. דאָס אייביק־זויערע פּנים האָט

געלויכטן. זי האָט איבערגעדרייט די גאַנצע ווירטשאַפט, אַרויסגעוואָרפן די אַלטע בעטן, געקויפט נייע. געפוצט די מעשענע לייכטער, אויפגעהאַנגען נייע גאַרדינען, געריבן, געשייערט און געלאָזט אויסקאַלכן די צווי שטובן. זי איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַ פולשטענדיקע באַלעבאָסטע, געזען אַז איר מאַן זאָל גיין ריין אָנגעטאָן, געקאָכט און געבאַקן. זי האָט אויך מיטגע־אַרבעט צוזאַמען מיט איר מאַן אויפן בית־עולם, באַגלייט יעדן פרישן מת. זי איז קיין מאָל נישט אַוועקגעגאַנגען פון קבר, ביז עס איז געפאַלן די לעצטע לאָפעטע ערד.

איר גרויס פאַרגעניגן איז געווען אין די צעבליטע זומער־טעג צו קריכן אַרום די מצבות. זי האָט מיט אַ שער אַרומגעשניטן די ווילדע גראָזן און מיט גרויס פאַרזיכטיקייט אָפּגעהיט די קברים־שטיבלעך פון די גרויסע צדיקים. זי האָט אין אַ קנאַפּ יאָר צייט געענוי געוווסט, ווו עס געפינט זיך יעדער קבר, און האָט ווער געבלאָנדזשעט, האָט די מומע טײַבעלע אָנגעוויזן דאָס ריכטיקע אָרט.

ביי אונדז אין נאָוואָראַדאָמסק האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה. דער רבי האָט געהייסן שטעלן אַ שוואַרצע חופה אויפן בית־עולם. דאָס גאַנצע שטעטל, אונטער דער פירערשאַפט פון דער מומע טייבעלען, האָט זיך געקהלט. מען האָט געפונען אַ קיילעכדיקע יתומה און זי חתונה געמאַכט מיט בערעלע דעם שטאָט־נאַר. די הויפּט־מחותנתטע אויף דער חתונה איז גע־ווען די מומע טייבעלע. זי מיט אַ גבאיטע זענען געגאַנגען איבער די קראָמען און צונויפגעזאַמלט פלייש, פיש, חלות און ווייַן מיט בראָנפן. זי האָט גע־קאָכט, געבאַקן. זי מיט איר מאַן זענען געווען די אונטערפירער. אויפן בית־עולם איז געווען פאַרזאַמלט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. די מומע טייבעלע, אָנגעטאָן אין איר זיידן קלייד האָט געטיילט עסנס צווישן אָרעמע־לייט. זי האָט אויך אויסגערופן דאָס דרשה געשאַנק און דאָס אַלץ צונויפ־געזאַמלט אין אַ גרויסן קאַסטן. די מומע טייבעלע האָט אויך געפונען אַ דירהלע פאַר דעם יונגן פאָרפאָלק און ווען די מגפה האָט זיך איינגע־שטילט, האָט זי געפילט, אַז זי מיט איר מאַן האָבן אין דעם אַ גרויסן חלק.

ווינטער, ווען עס פלעגט אָנפאַלן אַ טיפער שניי, און לאַנגע אייז־

צעפּעלעך זענען אַרונטערגעהאָנגען פון איר דאַך, האָט זי ליב געהאַט צו פאַררוקן דאָס ווייסע פאַרהאַנגל און אַרויסקוקן דורכן פענצטער צו די קברים. שעהען לאַנג האָט זי אַזוי געקאָנט זיצן און איבערציילן וויפל מתים זענען דורכן זומער צוגעקומען.

און אַזוי האָט זיך די מומע טייבעלע אַ צופרידענע אויסגעלעבט אירע יאָרן מיט איר מאַן אין זייער קעניגרייך — דעם בית־עולם.

# מיין באָבע האָט חתונה

איך געדענק זי גענוי, מיין באָבע חוה־טייבעלע. אַ הויכע, אַ פעסט־געבויטע יידענע מיט רויטע באַקן, ליכטיקע, בלויע אויגן. אין דער וואָכן איז איר קאָפּ געווען באַצירט מיט אַ פשוט שטערן בענדל, שבת און יום־טוב האָט זי אָנגעטאָן אַ זיידענע הויב מיט אַ טשעפּיק, באַפּוצט מיט קאָ־לירטע פעדערלעך און קאָרעלן. זי איז אַלע מאָל געווען ציכטיק אָנגעטאָן. אירע ציצענע קליידער האָבן געפּעכלט. שבת האָט זי געטראָגן אַ בלוי זיידן קלייד מיט שפּיצן און אַן אַלטע סאַמעטענע שובע, וואָס מען האָט איר געמאַכט צום אויסשטייער. זי האָט דאָס אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. זי האָט געהאַנדלט מיט שניט־סחורה, געפאָרן אויף מערק, דערצויגן קינ־דער און נאָך געפונען צייט זיך אָפּצוגעבן מיט צדקה. דער זיידע איז געווען פונקט דער היפוך פון דער באָבען. ער איז געווען קליין, דאַר, איינ־געשרומפּן פון פאַסטן תעניתים אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק. ער האָט פרי אָנגעהויבן צו קרענקען, און די באָבע פלעגט אים פּילנעווען, ווי אַ שוואַך קינד. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער מער געלעגן ווי אַרומגעגאַנגען. לעבן זיין בעט איז געשטאַנען אַ קליין טישל, וואָס איז געווען פול אָנגע־שטעלט מיט פאַרשידענע קרייטעכצער, סלויאיקלעך מיט מאַשטשן און פלעשעלעך מיט מעדיצין. איבערן הויז האָט זיך אַלע מאָל געטראָגן אַ שאַר־פער ריח פון יאָד און טערפּענטין.

כאָטש אין גאַס איז געווען ליכטיק, האָט אין זיידנס חדר אַלע מאָל געברענט אַ לעמפּל. די פענצטער זענען געווען פאַרמאַכט און פאַרהאָנגען מיט טונקעלע גאָרדינען. די זון האָט זיך דאָרט קיין מאָל נישט דורכגע־שפּאַרט. דאָס פאַרקאָפּטשעטע לעמפּל האָט געשפּרייט אַ גרויען אומעט. בלויז ווען עס איז געקומען אַ גאַסט, האָט ער דערלויבט דער באָבען אַרויפ־צודרייען דעם קנויט, און ס'איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיקער.

ער האָט נישט ליב געהאַט קיין געסט, בלויז מיט איק מענטשן האָט

ער זיך דערפרייט. דאָס איז געווען זיין אַלטער פריינד ר׳ העניך, דער פּזשעדבערזשער מלמד. זיי האָבן גערעדט פון תורה, זיך געשפּאַרט איבער פּשטלעך פון גמרא, אָבער אַמבעסטן האָבן זיי ליב געהאַט צו רעדן וועגן ארץ־ישראל, ווייל ביידע האָבן געחלומט זיך צו באַזעצן אין הייליקן לאַנד און איבער הונדערט יאָר צו רוען אין דער ערד פון די אָבות.

העניך, דער פּזשעדבערזשער מלמד, אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געקומען פון שטעטל פּזשעדבערזש, איז געווען אַ ייד פון אַ יאָר זיבעציק, אַ גלייכער, אַ הויכער. ער איז געגאַנגען מיט קרעפטיקע טריט, אונטער זיינע שוואַרצע אויגן האָבן געהאַנגען טאָרבעלעך. די גרויע באָרד איז אַלע מאָל געווען שיין פאַרקעמט. מיין באָבע האָט זיך שטאַרק געפּאַ־רעט יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען מבקר חולה זיין דעם זיידן. זי האָט אָוועקגעשטעלט כיבוד אויפן טיש, דערלאַנגט טיי מיט לימענע און דאָס יום־טובדיקע איינגעמאַכטס. זי האָט אַלע ווײַלע גלייכגערוקט איר שטערן־בענדל און אים מיטגעגעבן אויף אַ היים צו נעמען אייער־קיכלעך, פּוטער־קוכנס. זי האָט געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ און געזאָגט, אַז סע איז נעבעך אַ רחמנות, וואָס ער איז אויף די עלטערע יאָרן געבליבן אַליין, אַ וויסטער אלמן. מיט עטלעכע טעג, איידער מיין זיידע איז נפטר געוואָרן, האָט אים ר׳ העניך געבראַכט אַ מתנה אַ זעקעלע ארץ־ישראל ערד. ער האָט זיך מיט דער מתנה שטאַרק דערפרייט. דאָס אָוועקגעלייגט אונטערן קישן און שטיל געזאָגט צו זיין פריינד:

— איר הערט, ר׳ העניך, די טויערן פון גן־עדן זענען פאַר מיר פאַר־שלאָסן, זאָל מיר דאָס הייליקע זעקעלע אַרץ־ישראל ערד ביישטיין, אַז איך זאָל נישט דאַרפן בראָטן זיך אין גיהנום.

— וואָס רעדט איר נאַרישקייטן, ר׳ יוחנן. איר זענט אַן אָפּגעהיטענער ייד, אַ בן־תורה. דער זיידע האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן — יעדער מענטש איז זינדיק, אָבער איך וועל נאָך דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאַר מיין מיזיניק סראָלקעלע. צו די בעסטע מלמדים אים געשיקט, אין דער כשאַנעווער ישיבה האָט ער געלערנט, און וואַקסט אַ גוי.

ער האָט זיך שטאַרק צעהוסט, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און ווייטער גערעדט: — שוין פיר טעג, ווי מיין ווייב זוכט אַרום דעם גרויסן זילבערנעם

לעפל. איך אַליין האָב אים אַריינגעלייגט אין „סרולקעלעס״ תפילין־זעקל. וואָלט ער געדאַוונט, וואָלט ער דאָך אויפגעעפנט ס׳תפילין־זעקל און גלייך דערזען דעם לעפל און דאָס זיין מאַמען אָוועקגעגעבן... ער כאַפּט יעדן אינ־דערפרי די תפילין און לויפט צום דאַווענען. ווער ווייסט ווו ער גייט ערגעץ? אפשר באַלאַנגט ער גאָר צו יענע לייט, וואָס ווילן אַרונטערוואַרפן דעם צאַר. שוין צוויי מאָל האָט אים דאָ געזוכט אַ סטראַזשניק. אוי, אוי, — האָט ער געקרעכצט — ווען איך וואָלט געהאַט דעם כוח, וואָלט איך אים דערלאַנגט פּעטש. וואָס וועל איך זאָגן פאַרן בית־דין של מעלה, הא?

מיט דריי טעג שפּעטער איז מיין זיידע נפטר געוואָרן. אַ יאָר נאָך דעם זיידנס פּטירה האָט די באָבע צוזאַמענגערופן אַלע אירע קינדער און אייניקלעך און געלאָזט וויסן, אַז זי האָט זיי עפּעס צו זאָגן. אויפן אַלטן קאָמאָד האָט געברענט אַ יאָרצייט־ליכט. די פלעמלעך האָבן צעשפּרייט אַן אומעטיק ליכט. די באָבע האָט אָנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ, ס׳האָט אַ פּליך־געטאָן מיט ליכט. אין דרויסן האָט געברענט דער פראָסט, פון קאַכלנעם אויוון האָט געשפּרייט מיט וואַרעמקייט. אַלע זענען געזעסן אַרום אַ גרויסן טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ געבלימלט טישטעך. אונדזער באָבע האָט אָוועקגעשטעלט ביי יעדן אַ טעלערל קרופּניק. די עלטסטע טאָכטער גיטל האָט זיך באַקלאָגט, אַז עס גייט איר נישט אין אַ שידוך צו טאָן מיט דער מיטלסטער טאָכטער איידל. שוין אַן עלטער מיידל, אַריבער צוואַנציק יאָר. די באָבע האָט זיך פּאַר עפּעס פאַרשעמט און איר געטרייסט, אַז זי וועט מיטן אויבערשטנס הילף קריגן אַ לייטישן חתן און וועט אם־ירצה־השם חתונה האָבן. קיינער פאַרזיצט, חלילה, נישט ביי יידן, אפילו אַזאַ אַלטע יידענע, ווי איך, האָט זי שטיל צוגעגעבן, בין אויך שוין אַ כלה געוואָרן.

— אוי, די באָבע איז געוואָרן אַ כלה! — האָב איך מיט גדולה אויס־גערופן, און אַלע אייניקלעך האָבן זיך הויך צעלאַכט.

— שטיל זאָל זיין! — האָט מיין טאַטע באַפוילן.

ס׳קליינוואַרג האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער. אַלע זענען אַנט־שוויגן געוואָרן. אַ ווײַלע האָט געהערשט אַ שטילקייט. מיט אַ מאָל האָט דער עלטסטער זון שלמה אַ פרעג געטאָן:

— מאַמע, ביי די יאָרן?!

— ס'איז נישט גוט צו זיין אַליין.

— און ווער איז דער חתן? — האָט די יינגסטע טאָכטער יענטל געוואָלט וויסן.

— אַ ייד אַ תלמיד חכם, ר' הענעך דער פּזשעדבערזשער מלמד. אין צוויי וואָכן אַרום שטעלן מיר אַ חופּה און מיר וועלן פאָרן וווינען אין ארץ־ישראל, האָט זי שטיל און מיט שטאָלץ צוגעגעבן.

— מאַמע, דו וועסט איבערלאָזן אַלע דיינע קינדער און אייניקלעך און וועסט אַוועק איבער ווייטע ימען אין אַ פרעמד לאַנד? — האָט דער מיטלסטער זון חיים־שמואל געפרעגט מיט פאָרוואורף אין זיין קול.

— ארץ־ישראל איז נישט קיין פרעמד לאַנד, ס'איז אונדזער אַלעמענס היים.

— אָבער דו האָסט דאָך דאָרטן קיינעם נישט, האָבן אַלע אירע קינדער פּראָטעסטירט.

— איך האָב דאָרטן אונדזערע אמהות: שרה, רבקה, רחל, לאה — און מיט אַ מאָל האָט זי פעסט אַרויסגערעדט: — איר וועט מיטן אויבערשטנס הילף אַלע קומען אַהין. די הייליקע ערד באַאַרבעטן, הייזער בויען, ביימער פלאַנצן.

— דו רעדסט נאַרישקייטן, מאַמע, מיר האָבן דאָ איינגעשטעלטע געשעפטן, פירן אָן מיט פאַבריקן.

— אָבער דאָרט איז פאָרט אונדזער הייליק לאַנד — האָט זי מיט גרויס עקסטאַז ווייטער גערעדט.

אַלע אירע קינדער און אייניקלעך זענען געווען קעגן דער באָבעס אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל און אויך קעגן איר חתונה האָבן. ס'איז וואָס אַ מאָל געוואָרן אַלץ מער טומל.

פלוצלונג האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און שטרענג אויסגערופן:

— זינט ווען זאָגן די אייער אַ דעה די הינער? דרך־ארץ פאַר אַ מאַמען!

און מיט אַ מאָל איז געוואָרן אַזוי שטיל, אַז מען האָט בלויז געהערט דעם רעגלמעסיקן גאַנג פונעם זייגער. אַלע קינדער זענען שווייגנדיקע זיך צעגאַנגען אַהיים.

דורך דער וואָך האָט די באָבע זיך איינגעהאַנדלט אַ סך נייע זאַכן:

קליידער, אַ שובע, אַ הויב, אונטער־וועש. איך בין מיט איר אומעטום מיט־געגאַנגען. זי האָט צו מיר גערעדט, ווי צו אַ דערוואַקסענעם מענטש:

— איך האָב געהאַט אַ שווער לעבן, שרהלע, געהאָרעוועט, נישט דער־עסן און נישט דערשלאָפן. דיין זיידע, ע"ה, איז אַלע מאָל געווען אַ קראַנ־קער, שוואַך ווי אַ קליין קינד. איך האָב כסדר געמוזט אויף אים אַכטונג געבן. ער האָט געהאַט צו טאָן מיטן מאָגן, האָב איך פאַר אים געקאָכט באַזונדערע מאכלים. אַ גרויסער צדיק געווען, זאָל ער רוען אין ליכטיקן גן־עדן.

פונקט צו די צוויי וואָכן האָט די באָבע חתונה געהאַט. מיט פיר וואָכן שפּעטער האָבן איר אַלע קינדער און אייניקלעך אַרויסבאַגלייט צו דער באַן, וואָס האָט דאָס פּאָרפאַלק געדאַרפט פירן קיין דאַנציג, און פון דאָרטן זענען זיי מיט אַ שיף אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. העניעך, דער פּשעדבערזשער מלמד, איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּעלץ מיט אַ שמוישן היטל. ער האָט געטראָגן אַ טשעמאָדאַן מיט אַ קלאַמאַקל. די באָבע איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ ברוינעם גאַרניטור מיט אַ לאַנגער שובע. זי האָט זיך געזעגנט מיט אַלע קינדער, זיך צעקושט מיט די אייניקלעך און טעכטער. די זין האָט זי בלויז געגעבן די האַנט. זי איז מיט אַ געהויבענעם קאָפּ איינגעשטיגן אין דער באַן. מיר זענען אַלע געבליבן שטיין אין דרויסן, ווי אַ סטאַדע שעפּסן, וועמען זייער פּאַסטעך האָט פּלוצלונג פאַרלאָזט. די באַן האָט אַ קורצן פייף געטאָן און זיך גענומען רירן פון אָרט. די באָבע האָט האַסטיק אַן עפן־געטאָן ס'פענצטער, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און עפּעס אַזאַ יאָמערלעך געשריי געטאָן: — אוי, מיינע קינדער... מיינע אייניקלעך...

פון לאָקאָמאָטיוו האָט געזעצט אַ פּאַרע. זי האָט נאָך עפּעס געזאָגט, אָבער אירע רייד זענען צעריבן געוואָרן אין רויש פון די רעדער. די באַן האָט מיט געפּילדער אַוועקגעטראָגן אונדזער באָבען. מיר זענען אַלע גע־שטאַנען און נאָכגעקוקט, געזען, ווי די באַן ווערט וואָס אַ מאָל קלענער און קלענער, ביז מען האָט שוין געזען נישט מער ווי אַ קליין פּינטעלע.

# איך זעגן זיך מיט מיין היימשטאָט

אָפט, ווען איך בלייב מיט זיך אַליין און טראַכט פון מיינע קינדער־יאָרן און פון מיין היימשטאָט, הייבט זיך פאַר מיר אויף אַ לאַנג־פאַרגעסענער פאַרהאַנג. עס קומען אַרויף געשטאַלטן פון טייערע, ליבע יידן, יידענעס, קינדער, משפחה, פעטערס און מומעס.

האָט געלעבט אַ מאָל אַ שטעטל, וואָס האָט געאָטעמט מיט יידיש לעבן, פאַרמאָגט אַ בליענדע יוגנט. איצט איז עס „יידן־ריין״...

מיין חלום, אַז איך וועל אַ מאָל פאָרן אַהיים זיך זען מיט משפחה און פריינט, גיין אויף מיין מוטערס קבר, און ווידער באַטרעטן די ערד ווו עס איז אַ מאָל געשטאַנען מיין וויגעלע, אָט דער חלום איז אָפּגעווישט און אויסגעלאָשן.

אָבער פון מיין זכרון וועט קיין מאָל נישט אָפּגעמעקט ווערן מיין היימשטאָט, ווי איך געדענק זי נאָך לאַנג, איידער עס האָט זיך באַוויזן היטלער מיט זיינע האָרדעס.

איך זע צום הונדערטסטן מאָל יענעם שרעקלעכן פרייטאָג־צונאַכט, ווען מיין יונגע מאַמע איז אַזוי פלוצלונג אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער וועלט. קורץ נאָך דעם איז נפטר געוואָרן דער נאָוואָראַדאָמסקער רבֿ, ר׳ יחזקאל. זיין זון, שלמה הענעך, האָט איבערגענומען דעם כסא־מלוכה, און עס איז איבערגעריסן געוואָרן אַ שטילע און לאַנגיאָריקע שותפות מיט מיין פאָטערס זאָקן־פאַבריק. ס׳איז געווען נאָך אַ פּאָגראָם.

די געשעפטן האָבן אָנגעפאַנגען גיין באַרג־אַראָפּ און מיין טאַטע האָט געגלייבט, אַז מיטן אַוועקגיין פון דער מאַמען און פונעם רבין ר׳ יחזקאל האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן מזל ברכה. ער איז כסדר אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט, האָט ווייניק גערעדט און געהאַלטן אין איין חשבונען. איין מאָל, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון מנחה ומעריב, האָט ער אויסגערעדט פיבּ

ווערטער, וואָס האָבן איבערגעאַנדערשט אונדזער גאַנץ לעבן. ער האָט שטיל, אָבער פעסט אַ זאָג געטאָן:

„מיר פאָרן קיין אַמעריקע!"

כאָטש איך בין קוים 12 יאָר אַלט געווען, האָב איך קלאָר באַנומען, אַז דאָס מיינט אַן איבעררייס מיט דער משפחה, מיט פריינט, און מיט דער היימשטאָט, וואָס איז מיר דעמאָלט געווען אַזוי ליב און טייער. מיר האָבן זיך שטיל גענומען גרייטן אין וועג אַריין. מיר זענען אָפּגעשטיגן אין פּזשעדבערזש, זיך געזעגענען מיט דער מומע דבורהלע און פעטער זונדל טענענבוים, וועלכע האָבן דעמאָלט חתונה געמאַכט זייער עלטסטן זון, וויגדער, מיטן מורה־הוראהס טאָכטער, און פון דאָרטן פאָרזעצן די רייזע קיין אַמעריקע.

אַ טאָג איידער איך האָב פאַרלאָזן באַוואָראַדאָמסק, בין איך אויפגע־שטאַנען פרי. איך בין איינע אַליין אַרויס איבער דער שטאָט, כדי זיך צו געזעגענען אויף שטום־לשון מיט די גאַסן און געסלעך, מיט די גע־וועלבלעך, מיט דיביימער און גראָז — און מיט די מענטשן.

איך בין געגאַנגען מיט דער שול־גאַס און זיך געלאָזט צו דער מומע חיהס און פעטער יצחקס געשעפט, וואָס איז עפּעס געווען אַ געמישטע קראָם, — פון איין זייט פּאַליצעס איז געווען אָנגעלייגט שניט־סחורה, אויף דער צווייטער איז געווען שפייז. זעקלעך מיט בעבלעך, רייז, זעק מעל, צוקער, קאַווע און נאָך פאַרשידענע שפייזן. ווען איך בין אין יענעם אינדער־פרי אַריין געוועלב, האָט די קראָם אין מיינע אויגן אָנגענומען דעם אויסזען פונעם הערלעכסטן געשעפט אין דער וועלט!...

געוווינט האָט מיין מומע מיטן פעטער און זייערע דרייצן קינדער ביי חנניה לעפקאָוויטש, וווּ עס האָט זיך אויך געפונען דער הזמיר. נאָר אַמליבסטן איז מיר געווען דער לאַנגער הויף, וואָס האָט פאַר אונדז קינדער געדינט פאַר כלערליי שפּילערייען. מיר פלעגן אויפן הויף אויסגראָבן גריבלעך, צום זאמד צוגיסן וואַסער און דערפון אויסבאַקן פאַרשידענע געבעקסן...

מיר האָבן אויך אין די גריבלעך געשפּילט אין בעבלעך, סוכות און שמחת תורה האָבן מיר דאָרט געשפּילט אין ניסלעך. נאָר אַמבעסטן האָט

אונדז דער הויף געדינט צו שפּילן אין יאַגערלעך, אין באַהעלטענישן, אין שפּרינגען איבער קלעצער. די קלעצער זענען באַשטאַנען פון ווייסן קרייד אויף דער שוואַרצער ערד, וואָס מיר האָבן אויסגעמאָלן און מיר פלעגן דאָס דאַרפן אריבערשפּרינגען אויף איין פוס. און דערביי האָט מען געדאַרפט זאָגן עפּעס אַ שפּרוך.

אַרום איז מאַיעסטעטיש געשטאַנען הויך די געמויערטע קאַמע־ניצע. אין אָוונט האָבן זיך די פעגצטער צעצונדן און אונדז באַלויכטן דעם וועג. דעמאָלט, ווען איך בין געקומען געזעגענען זיך מיטן הויף און מיט דער קאַמעניצע, האָט דאָס אין מיינע קינדערשע אויגן אָנגענומען דעם אויסזען פון אַ מין צויבער־שלאָס, וואָס אַזעלכע, האָב איך דעמאָלט גע־מיינט, וועל איך שוין גאָר קיין מאָל נישט זען...

פון דאָרט האָב איך מיך געלאָזט גיין מיט דער שול־גאָס צום מאַרק. איך בין פאַרבייגעגאַנגען די פלומפּ און דערזען וועלווועלען, דעם וואַסער־טרעגער. נאָר אָנשטאָט איך זאָל זיך מיט אים פאַרטשעפּען, ווי איך פלעג דאָס טאָן מיט אַ כאָפּטע קינדער און אים רופן מיט צונעמענישן, זיך רייצן מיט אים און שרייען — וואָווע! — דו ביסט אַ מויד און נישט קיין יונג! און ער פלעגט אָן אָנגעצונדענער ענטפערן:

— איך בין אַ יונג, אַ יונג און נישט קיין מויד!... איך גיי חתונה האָבן מיט טאָבעלע־נאַר און וועל איר קויפן אַ הויז מיט אַ געזעמס... און מיר פלעגן אים אַלע, ווי איינע, אין כאָר ענטפערן:

— ניין, ניין, וועסט נישט חתונה האָבן, ווייל דו ביסט אַ מויד, אַ מויד און נישט קיין יונג.

אָבער דעמאָלט, ווען איך האָב דערפילט, אַז איך זע וואָווען צום לעצטן מאָל, איז ער מיר מיט אַ מאָל געוואָרן ליב און טייער. אָנשטאָט זיך מיט אים צו רייצן, האָב איך אַ פאַרבענקטע אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט, וואָווע, איך פאָר אַוועק. איך האָב אַריינגעטאָן די האַנט אין קעשענע, געוואָלט אים געבן אַ צוקערל. ער האָט זיך דערשראָקן, גע־מיינט, אַז איך וויל אים עפּעס וואַרפן, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— פאָר אין דער ערד אַריין.

— איך פאָר קיין אַמעריקע, האָב איך ערנסט געזאָגט, און דער־

לאַנגט אים אַ קאַרמעלקע. ער האָט אַוועקגעשטעלט די וואַסער־קאַנען, גענומען דאָס צוקערל, מיך לאַנג באַטראַכט און געזאָגט:

— נו, פאַר געזונטערהייט און ברענג מיר משיחן. איך דאַרף אים זייער נייטיק האָבן...

איך האָב פון דער ווייטנס דערזען ביילקע די משוגענע. זי האָט גע־האַלטן פאַרוויקלט אַ פּאָר שמאַטעס אין דער פאַרעם פון אַ ליאַלקע. זי האָט געזאָגט, אַז דאָס איז איר קינד. ביילע איז משוגע געוואָרן, פלעגן די ווייבער דערציילן, ווייל עס האָבן זיך ביי איר נישט געהאַלטן קיין קינדער. געוויינלעך פלעג איך איר נאָכלויפן צוזאַמען מיט אַ באַנדע קינדער, זיך רייצן מיט איר, ציען איר פאַרן קלייד, רופן „משוגענע". וואָס העכער זי האָט געשריען, אַלץ מער האָבן מיר געקאָמאַנדעוועט און זיך גערייצט מיט דער אומגליקלעכער. נאָר דעמאָלט, ערב מיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע, האָב איך מיט אַ מאָל דערפילט צו איר גרויס רחמנות. עס האָט מיר באַנג גע־טאָן אויף מיינע פאַרפאַלגונגען און ברשעווען איבער אַן אומגליקלעכן מענטשן. איך האָב איר געגעבן אַ קאַרמעלקע. זי האָט עס מורא געהאַט צו נעמען.

— נאַ, נעם, האָב איך זיך געבעטן ביי איר און דערביי אַראָפּגענומען פון זיך די פאַטשיילע און אויך דאָס איר דערלאַנגט.

זי האָט ווילד אַ כאַפּ געטאָן דאָס טיכל, איינגעדעקט דערמיט איר „קינד", געקוקט אויף מיר מיט ווילדע אויגן, אַ כאַפּ געטאָן דאָס צוקערל פון מיין אויסגעשטרעקטער האַנט און איז דערמיט אַנטלאָפן. דערביי האָט זי עפּעס געפּלאַפּלט, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען.

איך בין געבליבן שטייק לעבן מאַשקעס אכסניה. איך האָב מיט גרויס בענקשאַפט געקוקט אויף דער הילצערנער געביידע, וווּ עס פלעגן איינ־שטיין וואָיאַזשאָרן און אויך חסידים, וואָס פלעגן קומען צום רבין אויף שבתים און יום־טובים. איך האָב דערזען טאָבעלען און זיך מיט איר שטאַרק דערפרייט.

ווייבער מיט קיישלעך פריש געבעקס האָבן זיך געאיילט אַהיים צו זייערע מענער און קינדער. יידן מיט סאַמעטענע תפילין־זעקלעך זענען

געגאַנגען פון דאָווענען. איך האָב זיי לאַנג באַטראַכט, איינגעזאַפּט אין זיך די געשטאַלטן, וואָס זענען אויף אייביק געבליבן אין מיין זכרון.

און דאָס אַלץ איז מיר מיט אַ מאָל געוואָרן נאָענט... אַ גרויסע בענק־שאַפט האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב געוואָלט וויינען. פון רבינס הויף האָב איך אַ פאַרטראַכטע זיך געלאָזט גיין צום „נייעם וועג" — די שפּאַציר־פּראָמענאַדע פאַר דער ראַדאָמסקער יוגנט.

פלוצלונג האָב איך געהערט ווי אימעצער פרעגט:

— פאַר וואָס גייט עפּעס אַזאַ קליין מיידעלע אַזוי פאַרטראַכט?

איך האָב זיך אומגעקוקט און געזען מיין פאָטערס חבר, מעכיל וואַקס־מאַן. איך האָב זיך אַ ביסל פאַרשעמט פאַר מיין „פאַרטראַכטקייט" און אַ פאַרטרויילעכע געענטפערט:

— מיר פאָרן קיין אַמעריקע. עס איז אַ ווייטער און אַ לאַנגער וועג. איך לאָז דאָ אַלץ איבער. איך וועל קיין מאָל קיינעם דאָ מער נישט זען. איך וויל נישט פאָרן! און איך האָב זיך שטיל צעוויינט.

— נו, וויין נישט, שרהלע, האָט ער מיר אַ גלעט געטאָן איבערן אַקסל. אַמעריקע איז אַ בעסער לאַנד פאַר ייִדן, ווי פּוילן...

איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט באַנומען זיינע רייד. איך האָב זיך מיט אים געזעגנט און בין אַוועק ווייטער.

איך בין צוגעקומען צום „סטאַקל", געקוקט אויפן טייך ווו מיר פלעגן גיין ראש־השנה צו תשליך. ווי שיין דער טייך איז, ווי פרידלעך און רויִק עס פליסט דאָס וואַסער. איז נאָך דאָ ערגעץ אויף דער וועלט אַזאַ שיינער טייך?... נישט ווייט האָט זיך געפונען די שול. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, אַריינגעקוקט און האָב ווידער באַוווּנדערט דעם סופיט מיט אַן אויסגעמאָ־לענעם בלויען הימל, מיט שטערן און קליינע וואָלקנדלעך און די מלאכימ־לעך, וואָס זענען אַרומגעפלויגן און כ'האָב געקוקט אויף דעם באַלעמער, אויפן אָרון קודש און די פּרוכתן. איך האָב צום לעצטן מאָל אַרויפגעקוקט צו דער ווייבערשער שול און זיך געלאָזט גיין צום „נייעם וועג", אויף דער ראָמאַנטישער אַלייע, ווו געזעלן און נייטאָרינס און זאָקן־מאַכערינס פלעגן שבת נאָך דעם טשאָלנט גיין שפּאַצירן און דאָרטן פאַרקניפּן שטילע ראָמאַנען.

יענעם פרימאָרגן איז געווען שטיל אין שטעטל. עס האָבן געריישט די קאַשטאַן־ביימער. פון ערגעץ האָט אַ פייגעלע זיך צעזונגען. אַ הינטל האָט געהאַווקעט. דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעקלונגען עלף. די זון האָט העל געלויכטן, געוואָרפן מיט זשמעניעס גאָלדענע שטראַלן. אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ קאַטערינשטשיק און אַרום אים אַ רעדל קינדער. אויפן אַקסל איז ביי אים געזעסן אַ מאַלפּע. ער האָט געדרייט דאָס רעדל און די קאַטערינקע האָט אויסגעשפּילט אַ מאָנאָטאָנעם ניגון:

רויטע קאַרשעלעך רייסט מען
און גרינע לאָזט מען שטיין.
שיינע מיידעלעך נעמט מען
און מיאוסע לאָזט מען גיין.
אוי, ווי איז צו מיר
און צו מיינע ביטערע יאָר!
אַ ליבע האָבן מיר ביידע געשפּילט
פעליקע דריי פערטל יאָר!

דערביי האָט ער געבעטן, אַז מען זאָל אין טעפּעלע פון דער קאַטערינקע אַריינוואַרפן אַ גראָשן, און מיר וועלן וויסן אונדזער צוקונפט... איך האָב אַזוי געטאָן און די מאַלפּע האָט מיר דערלאַנגט אַ ראָזעווע צעטעלע און איך האָב געלייענט:

— וועסט לאַנג לעבן. דו וועסט קריגן אַ בריוו, און דו פאָרסט אַוועק אין אַ וויטן וועג.

מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג, איז צו אונדזער הויז צוגעפאָרן אַ פור. אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן גדליה בעל־עגלה, אַ נידעריק געפּאַקטער פאַרשוין מיט אַ ברוין אָפּגעברענט פּנים, אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בייטש, ער האָט הויך אויסגערופן:

— אַ גוטן מאָרגן! עץ זאָט גראַיט רעיב מרדכי יוסף?

— גרייט!

מיר זענען איינגעשטיגן אין דער אָפענער בויד. צו ערשט מיינע צוויי

ייִנגערע שוועסטערלעך, מײַן שטיף־מאַמע, דערנאָך מײַן פֿאָטער און איך.
גדליה האָט אַ צי געטאָן די לייצעס, אַ קנאַק געטאָן מיט דער בײַטש און
אויסגערופֿן:

— וויאָ־וויאָ, שקאָפּעלעך! איבער דעם פֿאַרשלאָפֿענעם שטעטל האָבן
אָפּגעהילכט די טריט פֿון פֿערדישע פּאָדקאָוועס און דאָס סקריפּען פֿון פֿאַר־
זשאַווערטע רעדער. אין מזרח איז אויפֿגעגאַנגען אַ רויטע זון. דער זומער
איז געווען אין פֿולן בלי. דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעקלונגען זעקס.
מײַנע שוועסטערלעך האָבן געשטיפֿט און הויך געלאַכט. זיי האָבן ווייסט
אויס געהאַט גרויס הנאה פֿון דער יאַזדע. אָבער איך בין געזעסן אַ טרויעריקע,
פֿול מיט בענקשאַפֿט צו יעדן בוים, צו יעדן הײַזל און געסל, וואָס איך זע
צום לעצטן מאָל. די פֿערד לויפֿן, די בויד שאָקלט זיך, דאָס שטעטל פֿאַר־
שווינדט. מיר זענען שוין ווײַט הינטערן שטאָט, איך זע פֿון דער ווײַטנס
דעם בית־עולם. עס נעמען זיך אויסשלײַכן מצבֿות. און מיט אַ מאָל טוט
מיר אַ קלאַפּ אין האַרץ: אוי, מײַן מאַמע!

איך ווײַז אָן מיט דער האַנט צום הייליקן אָרט און זאָג שטיל צו מײַן
פֿאָטער:

— איך וויל זיך געזעגענען מיט מײַן מאַמעשי.

— אַן אײַנפֿאַל פֿון אַ משוגענער, בורטשעט אויס מײַן שטיף־מאַמע.

— איך בעט דיך, טאַטעשי, כאַטש אויף איין מינוט, בלויז אַ רגע...
איך האַלט מיך איין פֿון וויינען און קוק מיט געבעט צו מײַן פֿאָטער.

— אָבער דער בית־עולם איז דאָך נאָך פֿאַרמאַכט.

— וועל איך שטיין בײַם פּלויט.

ער שווײַגט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך שלאָגן מיט דער דעה. און
פּלוצלונג טוט ער אַ זאָג:

— זײַט מוחל, ר׳ גדליה, שטעלט אָפּ די פֿערד אויף אַ פּאָר מינוט.

דער בעל־עגלה האַלט איין די לייצעס, די בויד בלײַבט שטיין האַרט
לעבן בית־עולם. איך שטײַג אויס און גיי גלײַך איינע אַליין צו צום פּלויט.
איך קוק אַרײַן דורך אַ שפּאַרע און זע פֿון דער ווײַטנס מײַן מאַמעס קבר.
טרערן רינען אויף מײַנע באַקן, איך רעד צו איר, ווי זי וואָלט געלעבט:
טײַערע מאַמעשי, איך פֿאָר קיין אַמעריקע, איך וועל דאָ מער נישט זײַן,

מיר לאָזן דיך דאָ איבער אַליין, ווען איך וועל ווערן אַ גרויסע און האָבן געלט, וועל איך צוריקקומען. איך בין צוגעשמידט צום אָרט און קאָן זיך נישט אָפּרייסן. מיט אַ מאָל הער איך מיין פאָטערס קול:

— קום, שרהלע, ס׳ווערט שפּעט.

איך טו זיך אַ צאַפּל. איך האָב גאָר נישט געהערט זיינע טריט. ער בלייבט אַ ווילע שטיין, איך זע ווי ער קוקט מיט פייכטע אויגן אַהין, וווּ עס רוט זיין געוועזן וויב.

— קום.

מיר גייען צוריק, שווייגנדיקע, שטייגן איין אין דער בויד. איך הער אַ קנאַל פון דער בייטש, וואָס הילכט אָפּ אין דער לופט, די פערדלעך טראָגן זיך מיט גרויס אימפּעט אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון מיין היים־שטאָט, צו אַ פרעמדער וועלט — אַמעריקע — און צו אַ שטאָט, וואָס מען רופט נעוואַרק.

# מיסטער דזשאָו

אין שאָפּ איז טונקל. אין דרויסן איז אַ ליכטיקער טאָג און עס וואַר־רעמט די זון, אָבער די הויכע מויערן פאַרשטעלן די פענצטער און לאָזן נישט צו קיין שטראַל ליכט. עס ברענען די עלעקטרישע לעמפּלעך, עס רוישן און זשומען די מאַשינען. איבערן שאָפּ טראָגט זיך אַ טונקלער ריח פון נאַפט און אייל. אַ דין וואָלקנדל פּאַרע קנוילט זיך פון די פּרעס־מאַשינען און וויקלט זיך איבער די געבויגענע קעפּ פון די אָפּערייטאָרס...

עס איז אַ געיעג פון מענטש און מאַשין. די שטיק־אַרבעטער זענען אַזוי אַריינגעטאָן אין יאָגן און אַריבעריאָגן איינער דעם צווייטן, אַז זיי זעען גאָרנישט אַחוץ דאָס אייל־קענדל, וואָס זיי כאַפּן אַלע ווײַלע און גיסן דערפון דעם אייל אין אַלע לעכלעך פון דער מאַשין. מען ציט אָפּט איין דעם רימען פון דעם גרויסן ראָד און אויך פון דעם קליינעם רעדל אַרום דער מאַשין, ביז צום פּלאַצן. די מאַשין פון שטרויענע קאַפּעליושן נעמט דעמאָלט רוישן און קנאַקן מיט אַ מוראדיקן אימפּעט. אָפּט וויברירט דאָס שטעפּן מיט אַזאַ פלינקייט, אַז דער אָפּערייטאָר הייבט זיך אָן אָפּ־צורוקן צוזאַמען מיט דעם בענקל פון דער מאַשין, ביז דער אַרבעטער כאַפּט זיך, אַז ער איז צו ווייט פאַרטראָגן און רוקט צוריק דאָס בענקל צו דער מאַשין. דערביי רעכנט ער אויס וויפל דאָלאַרן דער היינטיקער טאָג וועט אים אַריינברענגען.

קעפּ טוען זיך אַ הייב ווען אַן אַרבעטער ברענגט אַ פרישן פּעקל שטרוי מיט אַ נייעם פאַסאָן. ביי אַ סך צעברענט זיך דעמאָלט אַ צאָרנדיק פייערל אין די אויגן און זיי ווייזט זיך אויס, אַז אָט דער אַרבעטער קריגט די בעסט־באַצאָלטע אַרבעט און די גרינגסטע פאַסאָנען.

די קנאָה פּרעסט, די מידקייט מאַטערט און נאָגט אויס דעם מאַרך פון די ביינער. עס הערט נישט אויף די מורא, אַז אָט באַלד ענדיקט זיך דער סעזאָן און עס איז אויס מיט די פאַרדינסטן.

פלוצלונג, אַן אַ פּאַר וואָס, ווערט גאָר קאַליע די מאַשין, האַלט אין איין איבעררייסן דעם פאָדעם, לויפט נישט מער, נאָר קריכט און לאָזט איבער לעכלעך, קוים מיט דעם אויג צו דערכאַפּן. אָבער שליאָמקע גאָרילע, דער פאָרמאַן, וועט עס שוין געפינען.

פון צווישן די געבויגענע קעפּ איבער די מאַשינעס הייבט זיך מיט אַ מאָל אויף דער גרייז־גרויער קאָפּ פון מיסטער דזשאָו. ער טוט זיך אַ שטעל־אויף, די רונדע פלייצע גלייכט זיך אויס, די אויסגעלאָשענע בלויע, וואַסערדיקע אויגן טוען זיך וווּליונגעריש אַ צינד־אָן און ער טוט אַ זאָג:

— קינדערלעך, אפשר וועט איר נאָך דעריאָגן ראָקפעלערן. איך האָב מורא, אַז איך וועל שוין דאָס נישט באַווייזן — גיי איך זיך אַרויס פאַר־רויכערן אַ פּאַפּיראָסל, און מאַכט איר די מיליאָנען!...

חברה טוט אַ שנעלן לאַך און עמעץ שרייט אים נאָך:

— ר׳ דזשאָו, ברענגט מיר מיט, זייט מוחל, אַ גלאָז וואַסער.

— און מיר אַ נאָדל — שרייט אַ צווייטער. באַלד גראָבן זיי ווידער איין די קעפּ אין די מאַשינען.

מיסטער דזשאָו קוקט אויס אַ זקן. קיינער ווייסט נישט גענוי, ווי אַלט ער איז. ער זאָגט נישט אויס און הייסט אַלעמען טרעפן. דאָס איז נישט לייכט, ווייל דזשאָוס אויסקוק בייט זיך לויט די שעהען פון טאָג.

ווען ער קומט אין דער פרי צו דער אַרבעט איז זיין פיגור גלייך, די בלויע, וואַסערדיקע אויגן זענען אויסגערוט, די טיפע קנייטשן אַ ביסל אויסגעגלייכט. אַנגעטאָן איז ער אַלע מאָל ציכטיק. נאָך אַ יום־טוב אָדער נאָך אַן אויסגערוטן זונטאָג שטעקט ביי אים אַ ווייס בלימל אין לאַץ. דער קאַפּעליוש איז ווויליונגעריש פאַררוקט אויף אַ זייט און דאָס גיט אים צו אַ יינגערן אויסזען. ער טוט פאַרזיכטיק אויס דעם מאַנטל און שטעלט אַריין דאָס בלימל אין אַ טעפּל וואסער נעבן זיך. ער גיט אַלעמען אָפּ אַ ברייטן „גוט מאָרגן״, זעצט זיך אַוועק געמיטלעך ביי דער מאַשין. דעמאָלט קוקט ער אויס ווי אַ מאַן אין די פריע זיבעציקער יאָרן. ער הייבט אָן צו שטעפּן, אָבער ער יאָגט זיך נישט, ווי די אַנדערע אָפּערייטאָרס. אַלע מאָל שטעלט זיך די מאַשין אָפּ. דאָ באַמערקט ער אַן איבעריק שטיקל שטרוי און דאָ אַ שמאַטקעלע, וואָס ער וואַרפט אַוועק. ער רייניקט דאָס טישל, ווי עס

וואָלט געווען אַ שטיקל מעבל פון זיין הויז. ער איז אַלע מאָל פון די ערשטע צו קומען אין שאַפּ און דער לעצטער אַוועקצוגיין. מיט דעם גאַנג פון די שעהען ווערט ער אַלץ מער געבויגן. זיין גרויער קאָפּ שאָקלט זיך כסדר ווי אויף ניין. די הענט ציטערן, דאָס ראָזעווע פּנים ווערט בלייכער, די קישעלעך אונטער די אויגן בולטער. ווען ער הייבט זיך אויף שפּעט אין אָוונט פון דער מאַשין נאָך די איבערשטונדן, איז ער אין גאַנצן אַן איינ־געבויגענער, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס. דעמאָלט קוקט ער אויס ווי אַ זקן אין די אַכציקער. ווען מען פרעגט אים:

— מיסטער דזשאָו, פאַר וואָס אַרבעט איר אַזוי שווער? —ענטפערט ער, אַז ער האָט אין דער היים אַ יונג ווייב מיט אַ טאָכטער אויסצוהאַלטן. פאַר אַ שיין יונג ווייבל, זאָגט ער מיט אַ שמייכל, לוינט זיך צו האָרעווען.

מיטאָג־צייט, ווען עס ווערן אויף אַ שעה פאַרשטומט די מאַשינען, עפנט מיסטער דזשאָו זיין בלעכן קעסטעלע, שפּרייט אויס אַ ווייסע סער־וועטקע און לייגט אויס זיין „לאָנטש", וואָס באַשטייט מערסטנס פון אַ סענד־וויטש פון קעז אָדער אייער און אַ פלעשל מילך, אַ מאָל אויך אַ פרוכט.

ער פאַרזיכערט אַלעמען, אַז דאָס איז טעם גן־עדן, ווייל זיין ווייבל האָט דאָס אַלץ צוגעגרייט פאַר אים מיט אירע אייגענע הענטלעך. איין מאָל האָט ער געבראַכט געפילטע פיש און זיך גערימט פאַר אַלעמען, אַז בלויז זייַן ווייב קאָן קאָכן אַזוינע באַטעמטע פיש.

מיטאָג־צייט שטעלן זיך די אַרבעטער אַרום דזשאָו און ער דערציילט זיי פון זיין וואַנדערלעבן, ווי אַזוי ער איז אין די גאָר יונגע יאָרן געווען אַ באָקסער און מען האָט אים גערופן „דזשאָו דהי קיללער". שפּעטער האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון דער אַרענע און איז אויסגעוווען אַ וועלט. אין אַנטווערפּן האָט ער געהאַנדלט מיט בריליאַנטן, געוואָרן רייך, זיך פאַרדרייט איך אַ ליבע מיט אַ פאַלשער פרוי און אַלץ פאַרלוירן... אין קאַירא האָט ער געקויפט אַנטיקן און זיי שפּעטער פאַרקויפט אין לאָנדאָן. ער איז צוריקגעקומען קיין אַמעריקע מיט אַ פאַרמעגן, אָבער ער האָט עס פאַרשפּילט אויף וואָל־סטריט. ערשט אין די שפּעטע יאָרן האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון זיינער אַן אַמאָליקער געליבטע, וואָס האָט ביים טויטן־בעט אים אָנגעזאָגט אַכטונג צו טאָן אויף איר טאָכטער. דאָס

איז זי, זיין איצטיקע פרוי. ער איז מיט איר גליקלעך, אָבער אין פּרנסה איז נישט געגאַנגען און ער האָט געמוזט אויף די עלטערע יאָרן זיך צוריק־נעמען צו דעם פאַך, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט יינגלוויין.

נאָך דעם ווי ער האָט אויסדערציילט וועגן זיינע וואַנדערונגען און אַוואַנטורעס, פלעגט חברה נעמען האָגלען מיט גלייכווערטלעך:

— נו, און צום סולטאַן אין זיין האַרעם האָט איר זיך נישט אַריינ־געכאַפּט?

— מיסטער דזשאָ, איך ווייס פון אַ זיכערער קוועלע — רופט זיך אָן אַ צווייטער — אַז איר האָט געפירט אַ געהיימע ליבע מיט דער פּרינ־צעסין פאַטימאַ און ס'איז געקומען צו אַ סקאַנדאַל אין קעניגלעכן הויף...

נאָך אַזאַ האָגלען פון ווערטלעך פילט זיך דער אַלטער דזשאָ אַ ביסל שפּלדיק. דער קאָפּ ווערט געבויגענער, די פּלייצע — רונדער. נאָר באַלד כאַפּט ער זיך, גלייכט זיך אויס און זאָגט מיט אַ פעסטער שטימע, אַז ער וועט זיי מער קיין מאָל נישט דערציילן פון זיין אינטערעסאַנטן לעבן. ער טוט אַ פיל־באַדייטנדיקן שמייכל און גיט צו:

— לאָזט אייך וווילגיין, קינדערלעך, איר פאָרט דאָך ערשט אויפן יאַריד. איך אָבער פאָר שוין צוריק פון יאַריד און וועל זיך שוין אַזוי לאַנג ווי איר נישט דאַרפן מוטשען...

---

סוף זמן, ווען די אַרבעט ווערט שיטערער, נעמט זיך דער פאָרמאַן, שליאַמקע גאַרילע, אויסלאָזן צו די אַרבעטער דעם גאַנצן כעס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין אים אין ברען פון סעזאָן.

דאָס גרעסטע כפּרה־הינדל איז ביי אים דזשאָ. שליאַמקע גאַרילע, ווי די אַרבעטער רופן אים הינטער די פּלייצעס, איז טאַקע ענלעך צו אַ מאַל־פּע: אַ קורצער, ברייטער שטערן, אַ פלאַטשיקע נאָז מיט גרויסע נאָזלעכער און אַ באַוואַקסענער מיט האָר ביזן האַלדז, — לויפט ער אַרום אויף די קורצע פיס פון מאַשין צו מאַשין. די קליינע שוואַרצע אייגעלעך קוקן מיט האַס און פאַראַכטונג אויף די אַרבעטער. ער בלייבט שטיין לעבן דזשאָ, כאַפּט אַרויס פון זיין קויש אַ קאַפּעליוש און נאָך איידער ער האָט אים ריכטיק אָנגעקוקט, שרייט ער אויס:

— אַ העט איז דאָס? אַ נאַכט־טאָפּ! אַלץ רופט זיך היינט אַפּערייטאָר! אַ וויסטע קאַלעקע ביסטו, אַן אַלטער נאַר. האָסט שוין לאַנג געדאַרפט זיצן אין דער היים און נישט קאַליע מאַכן קיין גוטע שטרוי!..

אין שאַפּ ווערט שטילער. אַלעמענס אויגן זענען געווענדט צו מיסטער דזשאָו, וואָס זיצט אַן איינגעקורטשעטער. דער גאַנצער קערפּער ציטערט. די ליפּן באַוועגן זיך. עפּעס ענטפערט ער, אָבער שליאָמקע שרייט אַזוי הויך, אַז דזשאָוס ווערטער ווערן פאַרלוירן.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען דזשאָו איז געקומען אין שאַפּ, האָט אים דער פאָרמאַן מער נישט געוואָלט געבן קיין אַרבעט.

די אָפּערייטאָרס זענען, ווי אַלע מאָל, געזעסן איינגעגראָבן ביי די מאַשינען און געשטעפּט מיט גרויס אימפּעט. בלויז דזשאָוס מאַשין האָט געשטומט. ער איז געזעסן ווי אַ קבצן אויף אַ רייכער חתונה, וואָס וואַרט מען זאָל אים אויך צוטיילן זיין פּאָרציע. עס איז אַוועק אַ שעה, צוויי, דריי, נאָר דאָס „באַנדל" איז נישט געקומען. דזשאָוס וואַסערדיקע אויגן זענען געוואָרן וואַסערדיקער. ער האָט אַ פאַרלוירענער געזען ווי אַלעמענס מאַשינען יאָגן זיך ווי די טייוואָלאָנים, נאָר נישט זיינע... אַלע טענות פון שאַפּ־טשערמאַן, אַז דער אויפזעער מוז אים געבן אַרבעט האָבן נישט געהאָלפן. שליאָמקע גאָרילע איז געבליבן איינגעשפּאַרט, געזאָגט, אַז ווען אפילו דער אַלטער קאַליקע שטעלט זיך אויפן קאָפּ און טאַנצט די ראָמבאַ, איז ער מיט אים פאַרטיק... ער קריגט מער נישט קיין אַרבעט.

איז דעמאָלט מיסטער דזשאָו אַוועק צו דער יוניאָן מיט אַ קלאָגע.

צו מאָרגנס איז ער צוריקגעקומען מיט אַ זיגערישן שמייכל: ער האָט געלאָזט וויסן, וואָס אַלע אין שאַפּ האָבן געוווּסט סיי ווי סיי, אַז ער מוז באַקומען אַרבעט מיט אַלע אַרבעטער צו גלייך.

ער האָט באַקומען אַ „באַנדל" שטרוי מיט עפּעס אַ משונהדיק שווערן פאַסאָן... ער האָט זיך דערביי געהאַלטן אין איין קלאָגן, אַז אַ גאַנצן סעזאָן האָט אים דער אויפזעער געגעבן גרינגע מאָדעלן, און איצט?... ער האָט געשטעפּט, געמאָסטן, אויפגעטרענט. אַ פּאָר אָפּערייטאָרס, עקספּערטן, האָבן אים געוויזן, געלערנט — ענדלעך האָט ער געכאַפּט דעם שניט. אָפּגעווישט דעם שווייס, וואָס איז אים כסדר אַרויס אויפן שטערן, און גענייט פאַר־

זיכטיק, לאַנגזאַם, מיט גרויס ערנסט. אַלע ווײַלע האָט ער געוויזן דעם אויפגעגנייטן קאַפּעליוש צו אַ שכן — אַ שטעפּער, אַז יענער האָט געזאָגט, אַז ס'איז גוט, האָט ער אַ באַרויִקטער ווײַטער געניייט.

גאָר פּלוצלונג איז נעבן דזשאָוס מאַשין אויסגעוואַקסן שליאַמקע גאַ־רילע. ער האָט מיט רוגזה אַ כאַפּ־געטאָן אַ קאַפּעליוש און גלײַך געפּסקנט, אַז די גאַנצע אַרבעט טויג אין דר'ערד... ער האָט אַ כאַפּ־געטאָן אַ צווייטן, געצויגן, געשלעפּט, געמאָסטן און געטענהט, אַז ער וועט נאָך מוזן באַצאָלן פאַר דער קאַליע געמאַכטער סחורה. דזשאָו האָט זיך פאַרענטפערט, אַז בלויז ביים אָנהייב האָט ער אַ ביסל געבלאָנדזשעט, אָבער שליאַמקע האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט אַ כאַפּ־געטאָן צוויי קאַפּעליושן, אַ צעפּלאָמ־טער צוגעלאָפן צום באַלעבאָס, אים געוויזן, אַז זיי טויגן נישט און אויס־גערופן מיט אַ נצחון, אַז אויב ער, שליאַמקע, שיקט אַוועק אַ קאַליקע, ווייסט ער, וואָס ער טוט...

אויף צו מאָרגנס איז דזשאָו נישט געקומען צו דער אַרבעט. עס איז אַוועק אַ טאָג, צוויי, דריי און ער האָט זיך אַלץ נישט געוויזן.

אויפן פערטן טאָג האָט עמעצער טעלעפאָנירט אין שאַפּ אַריין, אַז דזשאָו איז פּלוצלינג געשטאָרבן.

עס האָט זיך גלײַך געגרינדעט אַ קאָמיטעט, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט געלט אויף בלומען. דער טשערמאַן פון שאַפּ האָט אויך פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל שאַפן אַ ביסל געלט פאַר דער אָרעמער אלמנה. אין דער מיטאָג־שעה האָט יעדערער פון די אַרבעטער צוגעטראָגן אַ דאָלער. אויך שליאַמקע גאַרילע האָט זיך געכאַפּט צו דער קעשענע. ער האָט פון דאָרטן אַרויס־געצויגן אַ פּאַפּירענע אַסיגנאַציע און מיט גרויס אָנשטעל דאָס דערלאַנגט צום שאַפּ־טשערמאַן, אָבער יענער האָט דאָס גלײַך צוריקגעוויזן און געזאָגט:

— איר האָט שוין גענוג געטאָן פאַר אים, ער דאַרף פון אײַך מער גאָרנישט!...

אַ גרופּע אַרבעטער זענען באַלד אַוועק, געקויפט אַ ווייסן קראַנץ בלומען און געגאַנגען אַהיים.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ הויז פון מעבלירטע צימערן. דזשאָו האָט דאָרטן פאַרנומען אַ קליין שטיבעלע אויפן דריטן

גאָרן. אַלע צוויי טעג האָט אַ דינסט גערייניקט די צימערן. דאָס לעצטע מאָל, ווען די דינסט איז דאָרט אַריין און געזען, אַז דזשאָו איז נאָך אין בעט, האָט זי געמיינט אַז ער שלאָפט, איז זי שטיל אַרויס. ווען זי איז אָבער אויפן דריטן טאָג אַריין און געזען, אַז ער שלאָפט נאָך אַלץ, האָט זי זיך דערשראָקן, גערופן די באַלעבאָסטע פון הויז, און יענע האָט גלייך גערופן אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט דערקלערט, אַז דזשאָו איז שוין טויט דריי מעת־לעת. די ווירטין פון הויז האָט דערציילט, אַז שוין פיר יאָר ווי דזשאָו האָט געוווינט ביי איר, ער איז געווען אַ שטילער, איינזאַמער מענטש, אַן איינגעשלאָסענער. זי האָט קיין מאָל נישט באַמערקט, אַז עמעצער זאָל קומען צו אים. אַן עלנטער מענטש און אַזאַ גוטער! — האָט זי געזאָגט מיט באַדויערן.

— ווו איז זיין ווייב?

— וואָס פאַר אַ ווייב?... ער איז געווען אַ „בעטשלער" אַלע זיינע יאָרן...

צווישן די אַרבעטער איז געוואָרן שטיל. מען האָט זיך אָנגעקוקט, גע־שאָקלט מיט די קעפּ און געשוויגן. דזשאָו האָט נישט געאַרבעט פאַר קיין שיין ווייבל, נאָר פאַר אַן אייגן שטיקל ברויט און פאַר עפּעס אַ חלום.

# א חלום

אַ מתּנה מיין פריינדין אסתר גאָטליב

די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס איך האָב דערזען אין מיין לעבן, איז געווען אין מיין עלטער פון נישט קיין פולע צוועלף יאָר, ווען מיר האָבן זיך, אַלס גרינע, באַזעצט אין דער קאַנאַדער שטאָט טאָראָנטאָ. געקומען איז מיין פאָטער אַהין גלייך נאָך מיין מוטערס טויט מיט זיינע דריי יונגע קינדער, מיידלעך. אַנטקעגן דעם פּיצעלע שטעטעלע נאָוואָראַדאָמסק, איז די דעמאָלט שיטער־באַזעצטע שטאָט אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן צו אַ וועלט־שטאָט מיט אַ ריזיקן געשעפט, ווו מען האָט געקאָנט איינהאַנדלען פון זאָקן־בענדלעך, ביז מעבל און עסנוואַרג. דערצו האָב איך שטאַרק באַוווּנדערט די שטיגן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַוועגט פון זיך אַליין (עסקע־לעיטאָר), און אַ טיר, וואָס האָט זיך געדרייט רונד אַרום. שטונדעס גאַנצע האָב איך פאַרבראַכט אין פאָרן אויף די טרעפּ און אין דרייען זיך אין דער רונדיקער טיר...

מיין פאָטער, וואָס האָט לכתחילה געקוקט קרום אויף אַמעריקע, האָט זיך ביסלעכווייז גענומען צוגעוווינען צום נייעם לעבן אַ דאַנק משה־חיימען, זיין יוגנט־חבר, וועמען ער האָט דאָ געטראָפן. מיט אים איז ער צוזאַמען געגאַנגען אין חדר און שפּעטער געלערנט אין דער זעלביקער ישיבה.

משה־חיים האָט שוין פאַרמאָגט, אַחוץ אַ ווייב מיט פיר קינדער, אַן אייגן געשעפט, אַ „קענדי סטאָר". מיר האָבן עס גערופן די „צוקערניע". דאָס געוועלבל איז געווען דער טרעף־פּלאַץ פון לאַנדסלייט און פריינט. דער טעלעפאָן האָט כסדר געקלונגען. משה־חיים איז געווען שטאַרק פאַר־טאָן אין רופן שכנים און פריינט צום טעלעפאָן. ער פלעגט אויך געטרוי פאַר־שרייבן די „מעסעדזשעס".

אין אָט דער קראָם האָט מען אויסגעקעמפט מלחמות, דורכגעפירט

שידוכים, געריעדט פון די אַמאָליקע גרויסע רביים און פון מיליאָנען. אַז קינדער פלעגן אַריינקומען עפעס קויפן, האָט מען אויף זיי געקוקט ווי אויף וויסטע אַריינדרינגער און צעשטערער. איך אַליין האָב דאָרטן ליב געהאַט צו האַנדלען. איך האָב ווײַל געוווּסט, אַז פּאַר דער פּעני, וואָס איך האָב געבראַכט, וועט משה־חיים מיר געבן אַן „אייז־קרים", נאָך צו־געבן אַ קאַרמעלקע מיט אַ קניפּ אין בעקל, און זאָגן אַז איך וואַקס אַ וואַזשנע מויד. אין איינעם אַ נאָכמיטאָג האָט מיין פאָטער אַ זאָג־געטאָן:

— גיי גלייך צו משה־חיימען. זאָג אים, אַז איך האָב אים געבעטן קומען צו מנחה־מעריב אין שטאָלניצער שולעכל. איך האָב היינט יאָרצייט נאָך מיין טאַטן.

איך האָב זיך געלאָזט גיין אַהין און מיטגענומען מיין חברטע אסתר. זי האָט געוויזן פּאַר מיר אַ פרעמדן און נייעם וועג און אַ ברייטע גאָרטנ־דיקע גאַס מיט צעוואָקסענע אַקאַציע־ביימער פוןביידע זייטן. די זון האָט זיך דורכגעריסן דורך די גרינע צווייגן און געשפּרייזט מיט גאָלדענע פּאַסן אויפן שאָטנדיקן אַספאַלט. מיר האָבן פון גרויס צופרידנקייט אַזש אונטער־געשפּרונגען פון איין פוס אויפן צווייטן.

פלוצלונג בין איך אַ פאַרגאַפטע געבליבן שטיין. מיט גרויס וווּנדער האָב איך באַטראַכט אַ מערקטיקן בוים, וואָס זיין גרויס און ברייט האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ גאַנצע קאָמעניצע. עס האָט מיך מיט אַ מאָל אַרומגעכאַפּט אַ געוואַלטיקער פאַרלאַנג אויסצומעסטן דעם ריזן־בוים. איך האָב געמאַכט אַ צייכן און מיט מיינע הענט גענומען אויסמעסטן דעם בוים. איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, פיר — ניין, איך האָב זיך פאַרמישט און אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי. אויך אסתר האָט זיך פלייסיק פאַרנומען מיטן מעסטן.

מיט אַ מאָל איז פון ערגעץ אָנגעקומען אַ כאַפּטע קינדער. זיי זענען געבליבן שטיין און פאַרגאַפט געקוקט ווי מיר מעסטן דעם בוים. ווייזט אויס, אַז דאָס איז זיי געפעלן, ווייל באַלד האָבן זיי אויך אָנגעהויבן מעסטן. דאָס איז אונדז מיאוס געוואָרן, איז אַוועק אַ שפּיל פון אַרומלויפן אַרום דעם בוים אין אַ געוועט, ווער עס וועט וועמען איבעריאָגן.

מיט אַ מאָל האָט אַ יינגל אָפּגעשטעלט דאָס לויפן. ער האָט אַרויס־

געקומען אַ מעסער פֿון זיין קעשענע און אָנגעפאַנגען עפּעס אויסצושניצן אויפן בוים. מיר האָבן זיך איינגעקוקט, געזען ווי עס ווערט אַ שנעבעלע, צוויי דינע פּיסעלעך, פֿליגל, פֿעדערן, אַ פֿייגעלע האָט זיך אויסגעפּיקט. אַ צווייטער ייִנגל האָט אויסגעשניצט אַ הינטל. באַלד האָבן אַלע קינדער געריסעוועט אויפן ריזן־בוים, געמאַכט פֿאַרשידענע צייכנס. איך האָב אויס־געקריצט מיין נאָמען.

ס'איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. די קינדער זענען זיך צעלאָפֿן אַהיים. איך האָב זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט אין מיין שליחות און מיט אַ באַהאַלטענער שרעק בין איך געלאָפֿן צו משה־חיימען און אים נישט געטראָפֿן אין דער היים.

יענעם אויפֿדערנאַכט האָב איך אויסגעהערט אַ סך שטראָף־רייד פֿון מיין פֿאָטער. נאָר די וואָס זענען מיר פֿאַרבליבן אין זכרון, זענען געווען: אַז ווען מען לאָזט איבער נאָך זיך אַ זון, לאָזט מען איבער אַ קדיש, מען שטעלט אויף אַ דור; אָבער אַז גאָט שטראָפֿט איינעם מיט מיידלעך, קאָן מען איבער הונדערט יאָר פֿון זיי גאָרנישט דערוואַרטן. און נאָך דעם ווי ער וועט שטאַרבן, וועלן זיינע מיידלעך אַפֿילו בישט געדענקען זיין יאָר־צייט. פֿון קדיש זאָגן איז שוין אָפּגערעדט.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז מיין פֿאָטער פּלוצלונג געשטאָרבן אין בלי־ענדיקן עלטער פֿון 39 יאָר. דער אומגעריכטער אומגליק האָט מיך מיט אַ מאָל רייף געמאַכט. איך האָב, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש, מער נישט געטראַכט פֿון שפּילערייען. איך האָב גענומען זאָרגן וועגן תכלית. איך האָב אַ סך געהערט און געלייענט פֿון דער וועלט־שטאָט, ניו־יאָרק, און אַהין האָט מיך געצויגן. מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען עס איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן מיין פֿאָטערס מצבה, בין איך אַוועקגעפֿאָרן אין מיין אויסגעחלומ־טער שטאָט ניו־יאָרק.

און אַלע מאָל, ווען איך פֿלעג זיך דערפֿילן מיד און אויסגעשעפּט פֿון דער גרויסער שטאָט, מיטן אייביקן טומל, יאָגעניש און האַוועך, פֿלעג איך דעמאָלט ליב האָבן צוריקצופֿאָרן אין קאַנאַדישן רויִקן שטעטל, וואָס איז אין מיין דמיון פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין מיין צווייטער היים־שטאָט, און צוריק בין איך געקומען אַן אויסגערוטע.

און יאָרן, ווי טעג, זענען געלאָפן. מיטן גאַנג פון צייט האָט זיך אויך געביטן מיין געשמאַק וועגן רייזעס. איך בין אַ סך אַרומגעפאָרן איבער די פּאַראייניקטע שטאַטן; געווען אויף וועלט־רייזעס. מיך האָט געצויגן צו נייע שטעט, נייע לענדער. אין מיין צווייטער היים־שטאָט אין טאָראָנטאָ בין איך שוין נישט געווען אַ פערטל יאָרהונדערט. דורך דער צייט האָבן זיך מיינע שוועסטער באַזעצט אין ניו־יאָרק, מיין משפחה האָט דאָרטן מער נישט געוווינט: מיין פאָטערס פריינט, משה־חיים, איז דורך דער צייט געשטאָרבן. מיין איינציקע פאַרבינדונג איז געווען מיין יוגנט־פריינדין, אסתר. איך האָב זייער אָפט געהאַט אַ פאַרלאַנג צו פאָרן אַהין און גיין אויף קבר־אבות צו מיין פאָטער. איך האָב אָבער מער נישט געדענקט אויף וועלכן בית־עולם ער ליגט. איך האָב אויך מער נישט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן: מיינע שוועסטערס זענען געווען קליינע קינדער, ווען אונדזער פאָטער איז געשטאָרבן, און האָבן גאָרנישט געדענקט. איך האָב זיך געפילט שולדיק פון דעם, וואָס איך, די עלטסטע, האָב אַפילו פאַרגעסן דעם טאָג פון זיין יאָרצייט. אָבער מיין שולד־געפיל און טרויער איז געקומען שנעל און איז אויך שנעל פאַרשוווּנדן. איך בין פאַרשלונגען געוואָרן פון דער גרויסער שטאָט, וואָס רייסט און שלעפּט מיט, ווי אַ שטורעם.

איין מאָל איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו מיט אַן איינלאַדונג צו דער חתונה פון מיין פריינדינס טאָכטער. אסתר שרייבט מיר, אַז איך מוז קומען, שוין לאַנג זיך נישט געזען. זי וועט מיר נישט פאַרגעבן אויב איך וועל זיך אָפּזאָגן. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן.

און ווידער האָב איך באַטראָטן די ערד פון מיין צווייטער היים־שטאָט. איך בין איינגעשטאַנען ביי מיין פריינדין, וועלכע איז דורך די יאָרן געוואָרן רייך. זי מיט איר פאַמיליע, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע משפחות, האָט לאַנג שוין פאַרלאָזט די געדיכט־באַזעצטע יידישע קוואַרטאַלן. זיי האָבן זיך איבערגעצויגן אין דער נייער געגנט, „אָפּ נאָרד״. פאַר מיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ צויבער־שטעטל מיט קליינע, אָפּגעזונדערטע הייזער, ווי פּאַלאַצן, וואָס זענען געשטאַנען אויף גרין־גראָזיקע טעפּיכער, איינגעטונקט אין קאָלירפולע בלומען, אַרומגעצוימט מיט יונגע ביימעלעך.

מיין פריינדין אסתּר האָט געזען אַז עס זאָל מיר גאָרנישט פעלן. די דינסט האָט אויסגעפילט מיין קלענסטן פאַרלאַנג. זי האָט אַלע טאָג אַוועקגעשטעלט פרישע בלומען אין מיין צימער. עס איז דאָ געווען שטיל און רויק. מען האָט געקאָנט הערן דאָס זינגען פון פייגעלעך און דאָס זשומען פון אַ פליג. און דאָך בין איך געווען צערודערט, געטראַכט פון איבערציען זיך אין אַ האָטעל.

מיין רו איז צעשטערט געוואָרן פון אַ בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען אין נאָענטער שכנות פון מיין פריינדינס הויז. אין די ליכטיקע לבנה־נעכט, ווען איך פלעג אַרויסקוקן דורכן פענצטער, האָב איך קלאָר געקאָנט זען די גרויסע מצבות. און פונקט ווי די נייע געגנט האָט געפינקלט מיט שיינ־קייט און אָרדענונג, אַזוי איז אויך דער בית־עולם געווען אָפּגעהיט מיט אַן אייזערנעם טויער, מיט מאָדערנע בענק ביי יעדער אַלייע. די קברים זענען געווען אויסגעשטעלט אין גלייכע רייען. דאָס האָט מיך כסדר דערמאָנט אין מיין פאָטער. אויך ער רוט ערגעץ אויף אַ גוטן אָרט, פאַרוואָרפן ווייט. קיינער קומט קיינמאָל נישט צו זיין קבר.

איך האָב זיך דערפילט שולדיק. איך האָב זיך דערמאָנט אין זיינע שטראָף־רייד. אַ מוראַדיקע חרטה האָט מיך געפּייניקט. איך האָב אויסגע־לאָשן דאָס ליכט, זיך געלייגט אין בעט, פאַרמאַכט די אויגן. אָבער דער שלאָף איז נישט געקומען. איך טו אַ דרעמל און בין גלייך וואַך. דאָס טראַכטן פאַריאָגט מיין שלאָף. שלינג איך איין שלאָף־פּילן און פאַל אַריין אין אַ טיפער פאַרגעסנקייט.

צי בין איך וואַך? אָט שטייט מיין טאַטע לעבן מיר. ער קוקט אויס יונג. ער גלעט, ווי זיין שטייגער איז געווען, די שוואַרצע באָרד, שמייכלט און רעדט שטיל, אָבער אין זיין קול איז דאָ פאַרוואורף: איך האָב דערוואַרט, דו זאָלסט זיך דערמאָנען, אַז דו האָסט דאָ איבערגעלאָזן אַ טאַטן. כל־זמן דו האָסט קיין חרטה נישט געהאַט, האָב איך נישט געקאָנט קומען; איצט ווייס איך, אַז דו ווילסט שטאַרק קומען צו מיר אויף קבר־אבות, נאָר דו ווייסט נעבעך נישט וווּ. זאָלסט וויסן זיין, אַז דו געפינסט זיך אין גאַנצן אַ הונדערט שפּאַן פון מיר. איך רו דאָ באַלד דערנעבן אויפן ניוועצער

בית־עולם. אין שכנות מיט מיר רוט אויך משה־חיים. זאָלסט זיך פאַרנעמען רעכטס אין דער דריטער ריי לעבן אַ שוואַרץ־ווייסער באַנק. מיין יאָרצייט פאַלט אויס דעם צוועלפטן טאָג אין חודש אדר. איך האָב געוואָלט ענטפערן און קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון מויל. ער האָט מיר געגעבן אַ צייכן, אַז איך זאָל שווייגן.

— נו, נו, איך פאַרשטיי — האָט ער ווייטער גערעדט — אָבער פון אַן אשה קאָן מען גאָרנישט פאַרלאַנגען.

אָבער, טאַטע, טאַטעשי, — כ'האָב אים געוואָלט אָנכאַפּן ביים מאַנטל און נישט געקאָנט. מיט אַ מאָל האָב איך ברייט געעפנט די אויגן, קיינעם נישט געזען. עס איז געווען פינצטער. האָב איך שנעל אַ צי געטאָן דאָס קייטעלע פון טיש־לאָמפּ, עס האָט אַ פלייץ־געטאָן מיט ליכט. איך האָב קלאָר באַנומען, אַז דאָס איז געווען אַ חלום.

איך בין געווען אַליין אין גרויסן צימער. די גאַרדינען האָבן זיך געוויגט עפּעס אַזוי, ווי עמעצער וואָלט אָט ערשט אַרויס דורכן פענצטער. דער זייגער האָט געוויזן פיר. ס'איז געווען ערב פאַרטאָג. די שטערן האָבן זיך געלאָשן. אויף אַ גראַנאַט־בלויען הימל האָט בלייך געשיינט די לבנה. איך האָב מער נישט געקאָנט שלאָפן און מיט אומגעדולד געוואַרט, עס זאָל געבוירן ווערן דער נייער טאָג.

זיבן אַ זייגער האָט די דינסט מיר סערווירט אָנבייסן. איך האָב זיך געפונען אין אַ מין פיבערהאַפטן צושטאַנד. איך האָב באַשלאָסן צו גיין אויפן שכנותדיקן בית־עולם, לויט דער אָנווייזונג פון מיין פאָטער, וואָס איז מיר געקומען צו חלום. איך האָב זיך שטיל אַרויסגעשאַרט פון הויז. איך בין דערביי געווען צופרידן, וואָס אַלע שלאָפן נאָך און איך דאַרף קיינעם נישט דערציילן וווּהין איך גיי. זיי וואָלטן מיך זיכער אויסגעלאַכט, וואָס איך גיי נאָך אַ נאַרישן חלום. איך האָב פאַמעלעך געעפנט דאָס טיַיַל פון „גוטן אָרט"; איך האָב זיך פאַרנומען רעכטס, דריטע ריי. אָט האָב איך דערזען די שוואַרץ־ווייסע באַנק. איך בין צוגעקומען צו די קברים. איך האָב מיט ברייט־צעעפנטע אויגן געקוקט אויף די אויסגעשטעלטע מצבות. אָט איז משה־חיימס קבר! באַלד דערנעבן, פאַרוואַקסן מיט מאָך און ווילדע גראָזן,

איינגעזונקען, איז דאָ אַ נעבעכדיק קבֿרל. די גרויע מצבֿה לאָזט וויסן, אַז דאָ רוט מרדכי יוסף בן־יוחנן. ווי אַ ויסטערליש אַלץ האָט געשטימט מיטן חלום. די אותיות זענען געווען פֿאַרוואַשן פֿון רעגן און שניי.

איך צעוויין זיך שטיל: — טאַטעשי, פֿאַרגיב מיר.

אין דער זעלבער וואָך האָב איך געלאָזט פֿאַרריכטן דעם איינגעפֿאַלענעם קבֿר, אָפּגעפֿרישט די אותיות און אַרומגעבויט אַ צוים. איך בין אַ באַרויִקטע געפֿאָרן צוריק אַהיים.

# יעקעלע פּאַלקאָוניק

געהייסן האָט ער יעקל גושיק, נאָר גערופן האָט מען אים יעקעלע פּאַלקאָוניק. דער נאָמען האָט זיך גענומען פון די מעשׂיות, וואָס ער פלעגט דערציילן פון יענער צייט, ווען ער האָט געדינט פּאַניען און איז געווען אַ דענשטשיק ביי אַן אַלטן פּאַלקאָווניק. נאָר אַ ווייב האָט יענער געהאַט אַ יונגע, אַ שיינע, פלאַם־פייער, און ווי נאָר זי האָט אים דערזען, דעם גרויסן יונג מיט די ברייטע פּלייצעס, שוואַרצער טשופּרינע, דערציילט יעקל, האָט זי זיך גלייך אויפן אָרט איינגעליבט אין אים און זי האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזט. ער איז געוואָרן איר באַגלייטער, געפּוצט אירע פערד, געריייניקט די ביקס און, אַז זי איז געפאָרן אויף יאַגד, איז ער מיטגעריטן אויפצוקלייבן די געשאָסענע האָזן און אויך צו זיין איר באַ־שיצער. אָבער ווי נאָר זי איז אַריין אין וואַלד, איז זי אים באַפאַלן ווי אַ ווילדע. דער פּאַלקאָווניק האָט אים איין מאָל געפּאַקט. ער האָט געמוזט אַנטלויפן אין מיטן דער נאַכט. ווען נישט די פּאַלקאָווניכע, וואָלט ער שוין אי־צט גערוט צווישן די טויטע.

געקומען קיין אַמעריקע איז יעקעלע גושיק שוין אַ חתונה געהאַטער פאַר דער געלער זלאַטע, וואָס האָט געדינט ביים גרעסטן גביר פון שטעטל, ווו ער, יעקל, איז געווען דער וועכטער איבער די שפּייכלערס תבואה. זלאַטע האָט אים געפּאַגגעגן מיט די טייערע מאכלים, וואָס זי פלעגט קאָכן און אים ברענגען דורך די נעכט.

זלאַטע איז געווען אַ פעסטע מויד, מיט געלע האָר, אַ פּנים ווי אַן אויפ־געוויירן טייג, באַשפּריצט מיט זומער־שפּרענקעלעך. זי איז, פּונקט ווי יעקל, געווען אין די צוואַנציקער יאָרן. מיט זלאַטעס אָפּגעשפּאָרטן גדן זענען ביידע גלייך נאָך דער חתונה אַוועק קיין אַמעריקע.

יעקעלע מיט זלאַטען האָבן זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, אין אַ געדיכטער יידישער געגנט. יעקל גושיק האָט געאַרבעט ביי פאַרשידענע פאַכן, געווען

אַ פּרעסער, אַ ציגאַרעטן־מאַכער, אויפגעלאָדן סחורה אויף אַ לאַסט־וואָגן, אָבער מער ווי אַ וואָך־צוויי האָט ער זיך אין ערגעץ נישט געהאַלטן. יעקל האָט זיך איין מאָל אַריינגעכאַפּט אין אַ יידישן טעאַטער און געזען דאָרט שפּילן די אָפּערעטע „דער קרוין־פּרינץ פון ירושלים". ער איז פון דעם שפּילן און זינגען פון באָריס טאָמאַשעווסקי געוואָרן אַזוי פאַרכאַפּט, פּונקט ווי אַ מאָל, אין דער היים, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל געזען אַ צירק, מיט דראַטן־גייער און קונצן־מאַכער. ער איז דעמאָלט געוואָרן צוגעשמידט צום טעאַטער און צו דעם סטאַר באָריס טאָמאַשעווסקי, וואָס פלעגט מיט זיין העלדישן אויסזען און געפּאַסטע קליידער באַצויבערן פרויען. יעקעלע גושיק איז געוואָרן באָריס טאָמאַשעווסקיס פּאַטריאָט און „בראַוואָ־פּאַטשער". ער פלעגט אָנפירן מיט דער „גאַלעריע", ווי אַ דיריגענט מיט זיין אָרקעס־טער. פון זיינס אַ מאַך מיט דער האַנט פלעגט אויסברעכן אַ שטורמישער אַפּלאָז.

די געלע זלאָטע איז נישט געזעסן מיט קיין פאַרלייגטע הענט: גע־האַלטן באָרדערס און געטראָגן דעם יאָך פון פרנסה. פון צייט צו צייט פלעגט יעקעלע ערגעץ כאַפּן אַ „פּאַרדינסטל". זיין קאָפּ איז אָבער געווען ביים טעאַטער.

מיט אַ מאָל האָבן אָפּישן מיט גרויסע אותיות געלאָזט וויסן, אַז עס קומט פון וואַרשע די וועלט־באַרימטע פּרימאַדאָנע און זינג־פייגעלע, רעגינאַ ראָזענקראַנץ. זי וועט אויפטרעטן אין איר קרוין־ראָלע — שולמית. דערביי איז געווען אַ גרויס בילד פון דער פּרימאַדאָנע — אַ יונג, צאַרט פּנים מיט גרויסע בלויע אויגן, בלאָנדע האָר, צוויי דיק־געפלאָכטענע צעפּ זענען שטאָלץ, ווי אַ קרוין, געזעסן אויף איר קאָפּ.

יעקעלע האָט אַ פאַרגאַפטער געקוקט אויפן פּלאַקאַט און באַשלאָסן, אַז עס קען גאָר אויף דער גאַנצער וועלט נישט זיין אַזאַ שיינהייט. דאָס איז עפּעס אַן אויסגעטראַכט בילד פון אַ מאָלער, וואָס מאָלט אויס מלאכים און יויזלען.

ווען יעקעלע פּאָלקאָווניק, ווי אַלע האָבן אים שוין איצט גערופן, האָט צום ערשטן מאָל דערזען די פּרימאַדאָנע, האָט ער באַשלאָסן, אַז זי איז הונדערט מאָל שענער ווי אויפן בילד. זי האָט ווי אַ שמעטערלינג אַרומגע־

שוועבט אויף דער בינע. ס׳האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט־אָט, וועט איר דינע פיגור זיך טאָן אַ הייב אין דער לופטן און זי וועט ערגעץ אַוועקפליען, פון איר מויל זענען אַרויסגעקומען עפּעס אַזעלכע הימלישע טענער. איר זינגען האָט ווי אַ גלאָק אָפּגעקלונגען איבערן טעאַטער, און באַלד האָט זי גאָר געטרילט, ווי אַ פייגעלע. זי האָט אַלעמען פאַרכישופט. בחינם האָט זיך יעקעלע געשראָקן פאַר איר ערשטן אויפטריט און געוויזן זיינע לייט, ווי און ווען צו פּאַטשן. דאָס טעאַטער איז אָן זיין הילף פאַרהילכט געוואָרן פון אַפּלאָדיסמענטן און אויסגעשרייען: בראַוואָ, בראַוואָ רעגינאַ ראָזענקראַנץ.

זינט די נייע פּרימאַדאָנע איז געוואָרן דער ליבלינג־סטאַר פון טאָמאַשעווסקיס טעאַטער, איז יעקעלע פּאָלקאָווניק געוואָרן איר גרויסער פּאַטריאָט און איבערגעגעבענער קנעכט. ער האָט אויסגעפילט איר מינדסטן פאַרלאַנג, ער האָט כסדר נאָכגעטראָגן אירע וואַליזקעס, איר קעסטל מיט שמינק, אַוועקגעטראָגן אירע קליידער צום רייניקן, געפּוצט אירע שיך און אָפּט אַוועקגעטראָגן אירן אַ ליבעס־בריוו צום געליבטן און געבראַכט אַן ענטפער. ער איז ווי אַ שמש ביים רבין, געלאָפן אין פאַרויס און געשריגן:

— מאַכט אַ וואַרע, ס׳גייט רעגינע ראָזענקראַנץ!

ער איז געווען גליקלעך, ווען זי האָט אים באַלוינט מיט אַ שמייכל אָדער צוגעוואָרפן אַ גוט וואָרט.

יעדן שבת מאַטינע האָט ער געבראַכט זיין ווייב אין טעאַטער און די געלע זלאַטע האָט, ווי אַלע איבעריקע פּאַטריאָטן, געוואָרט אויף איר מאַגנצייכן און געפּאַטשט לויט ווי יעקל האָט געלערנט, אַזוי אַז עס זאָל אָפּקלינגען וואָס הילכיקער...

זלאַטע האָט שוין געהאַט צוויי קינדער, אַ פולע שטוב מיט באַרדערס, אָבער קיין פּרנסה איז נאָך אַלץ נישט געווען. האָט זי זיך באַשלאָסן אויף אַ געוואַגטן שריט — זי וועט עפענען אַ רעסטאָראַציע. ס׳האָט זיך פּונקט אויסגעליידיקט דער קעלער אין הויז, וווּ זי האָט געוווינט, האָט זי דאָס דערציילט איר מאַן. — איי, ווייס איך וואָס! ווייבערישע געשעפטן! — האָט ער געענטפערט.

ער האָט אפילו נישט געהאַט קיין געדולד זי אויסצוהערן ביזן סוף.

פונקט דעמאָלט האָט ער גאָר געפירט מלחמה מיט אַ צווייטן טעאַטער, צו־געגרייט אַ דעמאָנסטראַציע מיט זיינע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן זיך קעגנגע־שטעלט די פּאַטריאָטן פון אַ צווייטן טעאַטער, יענע האָבן געהאַט די העזה צו שרייען, אַז זייער יאַקאָב אַדלער איז דער גרעסטער און איין און איינ־ציקער סטאַר. האָט זלאַטע אַליין דורכגעפירט איר געוואַגטן פּלאַן. זי האָט אַראָפּגענידערט פון העכסטן שטאָק ביז אין קעלער אַריין. זי האָט די גרויסע פּאָדערשטע שטוב, וואָס אירע פענצטער זענען כמעט געלעגן אויפן טראָטואַר, געמאַכט פּאַרן עס־זאַל און האָט אַרויסגעשטעלט אַ שילד: „רעס־טאָראַציע מיט היימיש געקאָכטע מאכלים און הייסע קנישעס". די קיך מיט די צוויי פינצטערע שטיבלעך האָט זי געלאָזט פאַר איר פאַמיליע מיט די באָרדערס.

זלאַטעס קאָכן האָט געקראָגן אַ גוטן נאָמען. איבערהויפט האָבן געשמט אירע קנישעס. אָבער יעקעלע פּאַלקאָווניק האָט נאָך אַלץ נישט געהאַלטן פון זיין וויבס געשעפטן, און דערפאַר איר קיין מאָל נישט געוואָלט העלפן. ערשט ווען אין דער רעסטאָראַציע האָבן זיך באַוויזן זיינע צוויי באַליבטע סטאַרס — באָריס טאָמאַשעווסקי און רעגינע ראָזענקראַנץ, האָט ער גענומען קוקן מיט גרויס דרך־ארץ אויף זיין ווייבס ביזנעס און צום ערשטן מאָל פאַרן יאָר האָט ער אָנגעטאָן אַ ווייס־געפּרעסטן רעקל, אַריינ־געשטעקט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל און זיך אַוועקגעשטעלט ביים טיש־קעסטל איינקאַסירן געלט.

צווישן די טעאַטער־מענטשן האָט זיך שנעל צעטראָגן דער רום פון זלאַטעס היימישע מאכלים. ס'האָבן אָנגעהויבן קומען אַהין אַקטיאָרן און אַקטריסעס, די קעלער־שטוב איז געוואָרן דער טרעף־פּלאַץ פאַר טעאַטער־מענטשן. אַ מאָל האָט גאָר געטראָפן, אַז אַן אַרטיסט האָט זיך אויפגעשטעלט און ספּאָנטאַן אויסגעזונגען אַ ליד. דעמאָלט איז יעקל געווען דער גליק־לעכסטער מענטש אויף דער וועלט. ער האָט זיי מוחל געווען דאָס צאָלן. און אַ סך, גאָר אַ סך האָבן טאַקע גענומען אויף באָרג — קיין מאָל נישט צו באַצאָלן... דאָך איז דאָס געשעפט געוואַקסן.

די געלע זלאַטע מיט יעקעלע פּאַלקאָווניק האָבן געדונגען אַ מאָדערנעם

פּלאַץ, געעפנט אַ גרויסן רעסטאָראַן מיט קעלנער, געפּעס־וואַשער, און זלאַטע האָט צוגענומען אַ קעכין איר אַרויסצוהעלפן.

די יאָרן זענען געלאָפן, ס׳טעאַטער איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, יעקעלע פּאָלקאָוויק — באַרג־אַרויף. ער האָט שוין פאַרמאָגט עטלעכע רעס־טאָראַנען און געהאַנדלט מיט הייזער. ער איז געוואָרן אַן עושר. זיינע פיר קינדער זענען שוין אַלע געווען חתונה געהאַט. זלאַטע האָט זיך מער נישט געמישט אין די טעפּ. זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אירע קינדער און אייניקלעך. זי האָט זיך געקהלט מיט דער „ליידיס עקזילערי״ ביי אירע לאַנדסלייט, האָט געגעבן צדקה. איז געווען עפּעס אַ שמחה, צי אַן אונטער־נעמונג, האָבן שוין אַלע וווּסט געוווסט, אַז די געלע זלאַטע וועט ביישטייערן אייגענע געבאַקענע קנישעס.

יעקעלע פּאָלקאָוויקס ליבשאַפט צום טעאַטער איז דורך די יאָרן נישט געמינערט געוואָרן. ער האָט מיט גרויס צער צוגעזען, ווי עס ווערט געשלאָסן איין טעאַטער נאָכן צווייטן. אַ סך פון זיינע באַליבטע אַקטיאָרן זענען אַוועק דעם אייביקן וועג. אַנדערע האָבן זיך דערשלאָגן צו עפּעס אַן אַרבעט אָדער אַ שטיקל געשעפט.

דורך אַלע יאָרן איז ער נאָך אַלץ פאַרבליבן דער גרויסער פּאַטריאָט און אייביקער פאַרערער פון רעגינע ראָזענקראַנץ, וועלכע האָט זיך דורך אַריבער דריי צענדליק יאָר שטאַרק פאַרעלטערט. זי האָט כסדר געקעמפט מיט די קנייטשן, מיט דער וואָג, וואָס האָט געהאַלטן אין איין צוקומען. דאָך האָט זי נאָך געקאָנט קונציק אָפּנאַרן אַ מענעריש אויג. אירע בלאָנד־געפאַרבטע האָר זענען אַלע מאָל געווען פאַרקעמט לויט דער לעצטער מאָדע. געקליידט האָט זי זיך ווי אַ יונג מיידעלע. טעאַטער האָט זי מער נישט גע־שפּילט, אָבער ווי נישט ווי פלעגט זי פון ערגעץ אַרויסשווימען מיט אַן „אויפטריט״ און אירע אַלטע פּאַטריאָטן און בראַוואָ־פּאַטשער זענען געקו־מען, ווי חסידים צו זייער רבין.

אין איינעם אַ טאָג איז יעקעלע פּאָלקאָוויק געקומען אַן אויפגעמונ־טערטער און אָנגעזאָגט רעגינאַ ראָזענקראַנץ די גוטע בשורה: ער עפנט אויף אַ טעאַטער־קאַבאַרעט און אַז זי וועט דאָרטן זיין דער הויפּט־„סטאַר״ און קעניגין, פּונקט ווי אין די אַמאָליקע גוטע יאָרן.

דער נייער באַכט־לאָקאַל האָט געטראָגן דעם קלינגענדיקן נאָמען „די טעאַטער־קרעטשמע". אין שוי־פענצטער פון דער קרעטשמע ליגן אויסגע־לייגט כלערליי פליישן ווי אויך געהאַקטע לעבער, געפילטע פיש. אין מיטן פענצטער, אויף דער וואַנט, הענגט רעגינע ראָזענקראַנצס גרויס בילד. דאָס איז די זעלבע פאָטאָגראַפיע, וואָס האָט מיט 34 יאָר צוריק אַזוי באַ־צויבערט יעקעלען. צווישן אייז און אַנגערויכערטע פליישן שטייען אויס־געשטעלט קלענערע פאָטאָגראַפיעס פון דער פרימאַדאָנע אין פאַרשידע־נע ראָלן.

שוין אַריבער צוויי יאָר ווי רעגינע ראָזענקראַנץ קעניגט אין דער „טעאַטער־קרעטשמע". זי האָט דאָ צוריק באַקומען אירע אַמאָליקע פּאַט־ריאָטן און בראַווא־פּאַטשער, פּאַר וועמען זי זינגט אויס אירע אַמאָליקע „שלאָגערס" און פּאַר אַ „ביס" זינגט זי אַ רוסישן ראָמאַנס. איר שטימע האָט שוין לאַנג פאַרלוירן דעם יוגנטלעכן קלאַנג, אָבער זי האָט נאָך אַלץ דעם כוח צו באַווירקן אירע צוהערער, איבערהויפּט אירע אַמאָליקע פּאַט־ריאָטן, וואָס באַלוינען איר מיט הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן פּונקט ווי אַ מאָל, ווען זיי פלעגן צו איר אַראָפּהילכן פון דער גאַלעריע. אָפט ביים זינגען פאַרמאַכט זי גאָר די אויגן און זעט פאַר זיך מסתמא אירע טעג פון אַ מאָל.

ווען די אַלטע פרימאַדאָנע זינגט, בלייבט יעקעלע פּאָלקאָווניק זיצן אַ פאַרגאַפטער. ער קוקט אויף איר איצט, פּונקט ווי מיט 34 יאָר צוריק, פול מיט פאַרגעטערונג, און ווי איז צו יענעם קעלנער, וואָס וואַגט אויפ־צוהייבן אַ טעלער אָדער אָפּוועקשטעלן אַ פלאַש ווײַן אויפן טיש.

— דרך־ארץ! — טוט ער אַ געשריי, — עס זינגט רעגינע ראָזענ־קראַנץ! און אַלע אָנגעשטעלטע ווייסן שוין וואויל, אַז אויב זיי ווילן נישט פאַרלירן זייער פּרנסה, דאַרפן זיי שטיין גלייך ווי די זעלנער, איינהאַלטן דעם אָטעם און אַפּלאָדירן, ווען די פרימאַדאָנע ענדיקט.

אין דער „טעאַטער־קרעטשמע" האָט אויך יעקעלע פּאָלקאָווניק אָנגע־פירט „וואָדעוויל"־אַקטן פון זינגער, טענצער און קונצן־מאַכער. אָט ביי די שפּילער דערלויבט ער זייערע קעלנער צו סערווירן. דעמאָלט אַרט אים ווייניק, אויב די טעלער, גאָפּל, מעסער קלינגט אָפּ און דער געפילדער שרייט

אַריבער דעם אָרעמען זינגער, אַבי עס איז שטיל, ווען עס טרעט אויף די „געטלעכע רעגינאַ"!

אין די לעצטע וואָכן האָט דער באַלעבאָס אַנגעשטעלט אַ נייע זינגערין, וואָס רופט זיך „שעלי די שיקסע". זי האָט אַרויסגערופן גרויס נייגער ביים עולם און רעגינאַ ראָזענקראַנץ האָט דערפון האַרץ־ווייטיק. אָבער יעקעלע פאַרזיכערט איר, אַז אַזוי פאָדערט דאָס געשעפט. די לעצטע אַטראַקציע האָט איר אין גאַנצן צעחושט. ווי אַ שטומע חיה אין וואַלד, וואָס דערפילט דעם אָנקום פון אַ געפאַר, אַזוי האָט זי דערפילט אַז די „געפאַר" איז שעלי די „שיקסע", וואָס נאָר איין גאָט אין הימל ווייסט, פון וואַנען זי קומט, און ווי אַזוי זי האָט זיך דערטראָגן אַזש צו דער קרעטשמע. רעגינאַ ראָזענ־קראַנץ זעט ווויל, אַז ווען יענע זינגט, שמעלצן זיך אירע אַלטע פּאַטריאָטן פון נחת. ביי יעקעלע פאַלקאָוויק צעפינקלען זיך אַזש די אויגן פון איר מעקען. — אוי, צו וואָס זי האָט זיך דערלעבט! איר אַמאָליקער משרת איז געוואָרן איר איצטיקער באַלעבאָס און באַשיצער, דער איינציק פאַרבליבע־נער פריינד. ניין, זי וועט נישט דערלאָזן אַזאַ גאַרנישט זאָל אויפטרעטן מיט איר צוזאַמען! וואָס מער זי טראַכט פון איר נישטיקער קאָנקורענטקע, אַלץ מער אויפגערעגט ווערט זי. ניין! און הונדערט מאָל ניין — מורמלט זי צו זיך — עס וועט זיין: אָדער איך אָדער יענע! דערווייל ברענג איך דעם עולם, מיך קומט מען הערן, נישט יענער!

ס'איז צווישן טאָג און נאַכט. אין דער „טעאַטער־קרעטשמע" איז נאָך שטיל. אונטער אַ געדעמפּט ליכט פאַנגט זיך אָן די קרעטשמע צו באַוועגן. די קעלנער טוען אָן זייערע שוואַרצע פראַקן, די קלעזמער סטראָיען אָן זיי־ערע אינסטרומענטן. דאָס סיגאַרעטן־מיידל הענגט אָן דעם באַנד מיטן קוישל סחורה אויף איר נאַקעטן אָרעם. ביי אַ זייטיק טישל, וואָס איז באַ־דעקט מיט אַ ווייס־רויטן געקעסטלטן טישטעך, זיצט יעקעלע פאַלקאָוויק מיט זיינע גוטע ברידער, די אַמאָליקע פּאַטריאָטן און בראַוואַ־פּאַטשער, די איצטיקע אַרויפגעאַרבעטע גבירים. ס'טראָגט זיך פון דעם טישל אַ הילכיק לאַכן. געוויינלעך דערציילט יעקעלע מעשיות, וואָס שעפּן זיך ביי אים קיין מאָל נישט אויס — וועגן די זעלנער־יאָרן, פון דער ווילדער פאַלקאָוויכע... עס שמעקט מיט בראַוואַדאַ, אַוואַנטורע און יונגע הפקר־יאָרן, אָבער איצט

רעדן זיי פון דעם נייעם טאַלאַנט — שעלי דאַל. איבערהויפּט איז פון איר שטאַרק אַנטציקט נייטען פלאקער, אַ געוועזענער בראַוואַ־פּאַטשער, וואָס האָט אַנגעפאַנגען זיין האַנדל אויף אָרטשאַרד סטריט מיט אַ פעסל הערינג און זיך דערוואָרבן אַן אייגענעם פיש־מאַרקעט. פונקט ווי זיין פריינד יעקעלע פּאַלקאָווניק, איז ער נאָענט צו זיבעציק, אָבער נאָך אַלץ הויך, גלייך און שטאַרק, ווי אַ דעמב. ווייבער זענען זיין לעבן, ער האָט שטענדיק ליב צו דערציילן פון זיין מוסטערהאַפטן פאַמיליע־לעבן, וואָס פאַר אַן איבער־געגעבענער מאַן, טאַטע און גוטער זיידע ער איז, אין דער אייגענער צייט האָט ער אויך אַלע זיינע יאָרן געפירט ליבעס. מער נישט וואָס, מיטן גאַנג פון יאָרן האָט זיך געביטן זיין געשמאַק. וואָס עלטער ער ווערט, אַלץ יינגע־רע געליבטע זוכט ער... און ער געפינט זיי אויך, זיי לאָזן זיך דערפאַר גוט באַצאָלן, אָבער נייטען פלאַקער פאַרמאַכט די אויגן. וואָס זוכט ער דען ביי זיי, אייביקע ליבע און געטריישאַפט? ער בייגט זיך צו צו יעקעלע פּאַל־קאָווניק און זאָגט אים עפּעס שטיל אויפן אויער.

— פרעגט זי! — — —

— פון דעסטוועגן! הא?!

— זי איז נישט פון יענע, — זאָגט שוין יעקעלע דענערווירט.

צווישן חברה ווילע יונגען איז דאָ וואָלף גוויאַזדע, אויך אַ געוועזענער בראַוואַ־פּאַטשער, אַ רייכער קצב. זיינע הענט מיט די האַרטע מאַזאָליעס ווייזן נאָך סימנים פון אַמאָליקן יאַטקע־קלאָץ און האַק־מעסער. ער איז מיט עטלעכע יאָר יינגער פון זיינע חברים, געקליידט איז ער לויט דער לעצטער מאָדע: אַ פעסט־געבויטער מאַן מיט גרויסע דימענטן אויף די פינגער, אַ ראַשיקן קראַוואַט. ער האַלט זיך פאַר אַ „דאָן־זשואַן".

— עט— טוט ער אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט, — נייטענס „ווענלן"!... אויב זי איז עפּעס רעכטס, לאָזט עס איבער צו מיר...

— פון וואַנען קומט זי? זי איז טאַקע אַ שיקסע?! — די פראַגע איז געווענדט צו יעקעלע פּאַלקאָווניק.

— וואָס זשע, דו גייסט זיך מיט איר משדך זיין? ווילסט וויסן? פרעג זי!

אַ מכה אייך פאַרן ווערן, טראַכט יעקעלע. אויב שוין יאָ, בין איך מיט איר אַ נעבעכער מחותן, ווי איר אַלע.

די קרעטשמע ווערט אָנגעפּילט מיט געסט. אין דער טיר באַווייזט זיך רעגינע ראָזענקראַנץ. זי קוקט אויס בייז און אויפגערעגט. זי קוקט זיך אַרום, דערזעט איר באַלעבאָס, טוט זי אים אַ רוף מיט דער האַנט. יעקעלע פאַלקאָוויק גייט איר נאָך. אין אַ פאַרצוימטע ווינקל געפינט זיך איר גאַר־דעראָבע. אַ פּיצעלע שטיבעלע, די ווענט זענען באַהאָנגען מיט אירע ביל־דער, אַ טישל מיט שמינקע, אַ שפּיגל, אַ בענקל און אַ סאָפקע.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שיקסע? — פּלאַצט זי אַרויס. — וואָס איז דאָס פאַר אַ ווילד באַשעפעניש? און וואָס איז דאָס פאַר אַ רעוועץ? איך וויל מיט איר נישט שטיין אויף איין בינע! איך וויל נישט!!!

— רעגינעשי — פּרובירט ער זי באַרויקן — וואָס אַרט דיך? זי פאַר־נעמט דען חלילה דיין אָרט?

— ווער ברענגט דאָס פּובליקום, איך, צי זי? און ווער האָט דאָס גע־וואַגט אָוועקצושטעלן איר בילד לעבן מיינעם?!

זי סאָפּעט שווער און האַלט זיך ביים הארצן.

— איי, באַרויק דיך רעגינעשי, איך וועל שוין זען אָפּרוקן איר בילד פון דיינעם. ס'איז דאָך אַ ביזנעס, פאַראַן זשלאָבעס, וואָס גלייכן איר.

— אָפּרוקן?! אַוועקנעמען, אַרויסוואַרפן אין גאַנצן!!! — שרייט זי אויס. זי טוט אַ פאַל אויף דער סאָפקע און כליפּעט אַרויס: אוי, צו וואָס איך האָב זיך דערלעבט!

יעקעלע פאַלקאָוויק בלייבט אַ ווײַלע שטיין צעטומלט. — הער אויף רעגינאַ! — טוט ער אַ געשריי און לויפט ארויס.

די „טעאַטער־קרעטשמע" איז געפּאַקט מיט געסט, די קעלנער לויפן אַרום מיט פולע טאַצן און טראָגן צו די טישלעך געבראָטענע גענדז, אינדיק, גראָבע סטעיקס. דער אָרקעסטער שפּילט אַ „פּאָפּורי" פון יידיש־ענגלישע און רוסישע לידער. ס'איז אַ געבראַזג פון גאָפּל, מעסער, לעפל, אַ טומל פון די געסט.

מיט אַ מאָל ווערט פינצטערלעך. דער אָנפירער פון די קלעזמער שטעלט פאַר די געטלעכע רעגינאַ ראָזענקראַנץ. ס'ווערט שטיל. זי פאַרנייגט זיך

מיט גרויס ווירדע. ס'פאַלט אויף איר אַ ראַזעווע ליכט. די פּרימאַדאָנע טראָגט אַ לאַנג שוואַרץ־סאַמעטן קלייד. דער געפאַלדעוועטער האַלדז איז באַהאַנגען מיט פּערל. אין איר בלאָנדן קאָפּ שטעקט אַ ווייסע בלום. פון אונטער דעם געדעמפטן ליכט טוט אַ בליאַסק מיט אַ פונק פון דער אַמאָליקער שיינהייט. זי זינגט: „אַ די ברונען, אַ די קאַצע", ווי אויך „ראָזינקעס מיט מאַנדלען". דער אַלטער טעאַטער־עולם צעוואַרעמט זיך. מען וויל נאָך, גיט זי „יצחקל" פון „עקדת יצחק". פאַר אַ „ביס" זינגט זי אַ רוסישן ראָמאַנס. זי נייגט זיך לאַנג און פאַרשווינדט.

באַלד דערשיינט שעלי דאַל. זי איז הויך, שלאַנק, מיט אַ קאָפּ רויטע פייערדיקע האָר, וואָס כוואַליען אויף אירע ווייסע נאַקעטע אַקסלען. פון איר געשניצטן ראַזעווון פּנים פינקלען אַרויס אַ פּאָר גרויסע גרינע אויגן. איר ווייס קלייד איז ווי אַ באָד־קאָסטיום אויסגעגאָסן אויף איר לייב. די אַקסלען האַלטן אויף גלאַנציקע בענדלעך דאָס טיף־דעקאָלטירטע קלייד. דער פּויק טוט אַ זעץ. דער טרומפּייטער אַ פייף, און שעלי־דאַל זינגט: „הולאַי קבצן" מיט אַזאַ ברען, אַז עס הוליעט מיט איר מיט דער גאַנצער עולם. הולאַי קומט ביי איר אַרויס „אַליי", קבצן — „אמצן". דווקא דאָס נעמט גאָר אויס ביי די אַמאַליקע פּאַטריאָטן. ס'געפעלט זיי דער גויִישער יידיש פון אַ שיקסע. איר גרויסער טריומף איז אָבער „ראַבי פון דער ראַדעאָ", דאָרטן זינגט זי וועגן אַ יונג אַ כוואַט, וואָס האָט ליב געהאַט רייטן אויף ווילדע פערד און דערביי ווייזן קונצן מיט שטריק און בייטן זיינע ליבעס... זי טאַנצט צו צום טאַקט. עס צעפינקלען זיך ביי איר די גרינע אויגן. זי האַלט דערביי אין איין רוקן די דינע בענדעלעך פון אירע אַקסלען, אַזוי, אַז אַט, מיינט מען, וועט זי גאָר געבן אַ רוק אַרונטער דאָס פּיצעלע בענדל און זי וועט בלייבן שטיין אָט אַזוי ווי די מאַמע האָט זי געהאַט... יעקעלע פאַלקאָווניק מיט זיינע חברים הייבן זיך אַזש פון די בענקלעך. זיי באַלוינען איר דערפאַר מיט אַזאַ פייערדיקן פּאַטשן, ווי אַ מאָל אויף דער גאַלעריע... ווען שעלי האָט שוין אָפּגעטאַנצט און אָפּגעזונגען, בלייבט נאָך אַלץ הענגען אין דער לופטן אַ געדעמפטע היץ־כוואַליע וואָס לעשט זיך ערשט אויס מינוטן נאָך איר פאַרשווינדן.

דער ערשטער וואָס כאַפּט זיך אויף ביים טישל, ווי פון אַ טשאַד, איז

וואָלף גוויאַזדע. פון די פעטע עסנס, שטאַרקע געטראַנקען און שעליס קאָמאַנדעווען פילט ער זיך ווי אַ מענטש, וואָס האָט נאָר־וואָס אויפגעוואַכט פון אַ זיסן חלום. און עפּעס, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עס זאָל זיך נישט אויסוועפּן דער קיצלדיקער טעם, טוט ער אַ זעץ אין טיש און שרייט אויס: „אַז איך זאָל אפילו וויסן, אַז זי זאָל מיך קאָסטן אַ קאָפּ פון אַ בהמה און אַ „סעקאָנד הענדיקן מינק קאָוט", מוז זי ווערן מיין נקבה!... און ער לאָזט זיך גיין צו דער ווינקל־טיר, דורך וועלכער שעלי דאָל איז פאַרשוווּנדן. יעקעלע פאַלקאָוויק וויל אים אָפּהאַלטן, אָבער יענער הערט אים, ווי המן דעם גראַגער.

אַן ערך צען מינוט שפּעטער קומט וואָלף צוריק. ער קוקט אויס בייז, צאָרנדיק. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויפן בענקל און שווייגט.

— נו?! — מאַנען זיינע גוטע ברידער.

— נו, נו? נאַ דיר גאָר אַ נייע צנועה אויף מיין קאָפּ... אײַ, זאָל איר קומען אַ פונק אויף איר לונג, אַז ס'זאָל איר אָפּבראָטן די לעבער... העי וועיטער, ברענג מיר אַהער אַ „סקאָטש", אַ פול גלאָז!

חברה ווילע יונגען שיסן אויס אין אַ געלעכטער.

*

ס'איז אַ הייסער זומער־טאָג. שעלי דאָל, אין אַ באָד־קאָסטיום, זיצט אונטער אַ גרויסן שירעם ביים ים. לעבן איר, אויסגעצויגן אויפן זאַמד, ליגט יעקעלע פאַלקאָוויק. ער רעדט צו איר. זי שאָקלט מעכאַניש צו אים מיטן קאָפּ און אָט פאַרמאַכט זי גאָר די אויגן, ווי זי וואָלט געדרימלט, און דערזעט פאַר זיך אַן אַנדערע וועלט, איר געוועזענע וועלט. אַ פאַרם אין דער ווייטער וועסט, טאַטע־מאַמע, אַ כאַלופּע מיט געקאַלכטע ווענט, אַ פולע שטוב מיט קינדער. זי, די עלטסטע, האָט פיינט דעם טאַטן, וואָס יעדן זונטיק האָט ער זיך אָנגעשיכורט, געשלאָגן די קינדער, דער מאַמען, און זי גערופן: „לאַוזי דזשו" (לויזיקע יידישקע). איז צו וואָס זאָל זי טראָגן אַ צלם? האָט זי דאָס אויסגעטאָן. האָט זי דער פאָטער אַזוי צעשלאָגן, אַז זי איז צוויי טעג געלעגן אין בעט. איז זי אַוועק צו 16 יאָר מיט „אַ קאַרנאַוואַל שאָו". צען יאָר זיך אַרומגעשלעפּט מיט טרופּעס,

מיט זינגער, טענצער, קונצן־מאַכער, מיט אַ צירק, ווו מען האָט זי אַרויס־געשאָסן פון אַ קאַנאָן. ניין, זי וועט זיך מער נישט לאָזן אויסנוצן. זי מוז פון זיך עפּעס מאַכן. אַ זינגערין, אַ סטאַר מוז זי ווערן. אַלע מענער זענען ליגנערס... אַלע זאָגן זיי צו... אָ, זי קען זיי גוט..., ווען נישט די אַלטע פּאָנפּעוואַטע פּרימאַדאָנע, טראַכט זי, וואָלט זי איצט געווען דער סטאַר פון דער „טעאַטער־קרעטשמע". נו, עס וועט שוין לאַנג נישט נעמען. דער אַלטער צאַפּלט זיך אונטער אירע הענט. זי דאַרף נאָר וויסן, ווי אויסצו־שפּילן איר קאָרט און זי ווייסט, אָ, ווייסט זי!...

— איך רעד, רעד און דו ענטפערסט נישט! — דערהערט זי יעקעלע פּאַלקאָווניקס קול. — איך פרעג דיך, צי דו קאָנסט שווימען?

— הע? איך? ניין!

— דו קאָנסט נישט?

— אַ ביסל, אָבער נישט גוט.

— וועל איך דיך לערנען, — זאָגט יעקל אַרויס מיט שטאָלץ. ער שטעלט זיך אויף, און זי דערזעט אים אין באָד־קאָסטיום. די ברענענדיקע זון ברענגט בולט אַרויס זיינע שלאַבעריקע גלידער. דער ברוסט־קאַסטן איז איינגעפאַלן. דער בויך שטעקט ביי אים אַרויס, ווי ביי אַ טראָגעדיקער יידענע. זיין פּלייצע איז רונדיק און געבויגן. די פיס זענען פול מיט געשוואָלענע אָדערן, די שיטערע גרויע האָר, וואָס ער פאַרקעמט אַלע מאָל אַזוי געשיקט, אַז מען מיינט אַז ער האָט אַ פולן קאָפּ האָר, האָט איצט דער ווינט צעבלאָזן און אַנטפּלעקט אַ האַלב נאַקעטן קאָפּ. שעלי האַלט זיך קוים איין, אַז זי זאָל נישט אויסשיסן אין אַ געלעכטער. און ער גייט איר לערנען שווימען?!...

יעקעלע פּאַלקאָווניק לאָזט זיך גיין צום ים.

— וואַרט! לאָמיך צו ערשט זען, צי דאָס וואַסער איז נישט צו קאַלט. וואַרט, איך בעט דיך. יעקעלע זעצט זיך צוריק אַוועק.

זי לאָזט זיך גיין צום וואַסער. זי שטייט אַ ווײַלע ביים ים. פּלוצעם דרייט זי זיך גאָר אויס און גייט אַרויף הויך צום שפּרינג־ברעט. און מיט אַ מאָל זעט ער, ווי זי שפּרינגט אַזוי גראַציעז אַריין אין די שוימיקע כוואַ־ליעס און מאַכט נאָך אַ קאָזשעליק אין דער לופטן. ער וויל שרייען געוואַלד.

ער לויפט צו צום וואַסער, אָבער ער זעט זי מעַר ־ נישט. ער קוקט פאַרגאַפט און דערשראָקן. מיט אַ מאָל דערזעט ער ווי העט ווייט שווימט אַרויף אַ קאָפּ... יאָ, ס׳איז שעליס קאָפּ! אָט מאַכט זי צו אים מיט אַ האַנט. איי אַ מויד! —

זי שווימט צו צום ברעג און לאָזט זיך ווידער צום שפּרינג־ברעט.

— ניין, ניין! קום אַרויס! — בעט ער זיך ביי איר.

שעלי דאַל גייט לאַנגזאַם אַרויס פון וואַסער. אירע רויטע צעלאָזענע האָר מיטן נאַסן באַד־קאָסטיום שפּיגלען זיך אין דער זון און וואַרפן מיט גאָלדענע שטראַלן. אירע אויגן זענען פּונקט ווי דער ים — גרין און לויטער. זי טוט אַ קוק מיט אַן אויפגעהויבענער ברעם אויף דעם צעטומלטן יעקלען און זאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטערל:

— וועל! —

— וועל, דו ביסט אַ ממזר! פאַר וואָס האָסטו מיר גאָרנישט געזאָגט, אַז דו ביסט אַזאַ וואַזשנע שווימערקע?!

— איך האָב זיך פיינט צו באַרימען, איך האָב ליב צו איבערראַשן... אָט האָב איך דיר נישט געזאָגט, אַז איך בין אַ גוטע טענצערין? און אַ גרויסע זינגערין?!

— אוודאי, אוודאי — זאָגט ער שוואַך. אָבער שעלי דאַל איז נישט צופרידן פון אַזאַ פאַרעוועץ ענטפער. זיי זעצן זיך צוריק אונטערן שירעם. זי בלייבט אַ שווייגעדיקע און דרייט זיך גאָר אויס מיטן רוקן צו איר באַלעבאָס.

— דאַל, סוזיטשקע קאַלאַפּוטשיקל, הייס־קנישעלע! — רופט ער זי מיט צערטלעכע נעמען.

שעלי דאַל ענטפערט נישט.

— זאָג מיר, מאַרזאַוויצל, ביסט נישט גליקלעך?

— איך בין אפילו נישט צופרידן — טוט זי זיך אַ האַסטיקן זעץ אויף.

— וואָס זשע, איך גיב דיר וויניק? טייערע קליידער, אַן אייגענעם אַפּאַרטמענט.

— דאָס איז ביי מיר בלאָטע.

— אַ סטאַר וויל איך ווערן! און ווייסטו פאַר וואָס? ווייל איך בין שיין, יונג, קאָן טאַנצן און האָב אַ שטימע אויך און נעם אויס ביים עולם.

— ביי אַ געוויסן עולם, — זאָגט ער געלאַסן.

ביי שעלי דאָל צעצינדט זיך ס'פּנים מיטן האַלדז און זי דונערט אַרויס:

— ווען נישט די אַלטע מכשפה דיינע, אַז איבערגעפאָרן זאָל זי ווערן פון „אַ סעקאַנד הענטיקע" קאַר — ווען זי קראַפּירט, וואָלט איך איצט געווען דער „סטאַר" פון דער „טעאַטער־קרעטשמע".

יעקעלע פאַלקאָווניק שפּרינגט אויף: — מיט דרך־ארץ זאָלסטו רעדן פון רעגינע ראָזענקראַנץ, דו הערסט? ווייסטו ווער זי איז?!

— ניין, איך ווייס נישט, — זאָגט זי טראָציק.

— די געטלעכע קעניגין פון געזאַנג איז זי.

— האַ־האַ־האַ... אַן אַלטע אָפּגעבליאַקעוועטע הור איז זי! — כאָרכלט שעלי דאָל אַרויס מיט אַ פאַרשטיקט קול.

ביי יעקעלע פאַלקאָווניק טוט זיך אַ מיש אין קאָפּ. ער דערפילט, ווי אַ חזיר וואָלט אַרויסגעקומען פון רינשטאָק און באַשפּייט זיין קרוין און פאַראומרייניקט זיין יוגנטלעכן חלום. ער דערפילט אַ מוראדיקן צאָרן און לאָזט זיך מיט אויפגעהויבענע פויסטן שלאָגן! דערווערגן וועט ער זי!

שעלי דערשרעקט זיך און לאָזט אַרויס אַ קוויטש. יעקעלע פאַלקאָווניק טוט זיך אַ צאַפּל און דערזעט זיך אויף דער פלאַזשע אַרומגערינגלט מיט הונדערטער מענטשן. ער דערפילט ווי ער וואָלט נאָר וואָס אויפגעוואַכט פון אַ בייזן חלום. ער לאָזט אַראָפּ די פויסטן און אָטעמט שווער. שעלי איז פאַר אים פּלוצעם געוואָרן אַ ווייטע, אַ פרעמדע. ער בייגט זיך צו צו איר, קוקט עקשנותדיק אַריין אין אירע גרינע אויגן. ס'ווייזט זיך אים אויס, אַז שדים'לעך טאַנצן דאָרטן אַרום.

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

זי שווייגט מיט פאַרשגורעוועטע ליפּן.

— זיי איר כפּרה!

און ער שפּאַנט אַוועק מיט פעסטע טריט.

# בלומען

שטיל און רויק האָט די שיף זיך געוויגט אויפן אַטלאַנטישן אָקעאַן. ס׳איז געווען ערב נאַכט. איך בין געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף דער באַריערע, געזען ווי ס׳פּאַרגייט אַ רויטע זון און צינדט אָן דעם ים, ווי אַ ברענענדיק שטיק פייער. ווייסע מעוועס זענען אַרומגעשוווּמען ווי אָן אָנזאָג, אַז מיר זענען שוין נישט ווייט פון אַ ברעג.

די נסיעה פון ניו־יאָרק קיין בוענאָס איירעס איז אַ ווייטע. שוין באַלד דריי וואָכן ווי איך געפין זיך צווישן הימל און וואַסער און מאָרגן פרי וועל איך ענדלעך דערזען מיין משפחה — פעטערס, מומעס, שוועסטער־קינדער מיט זייערע מענער, פרויען, קינדער און אייניקלעך און צום הונ־דערטסטן מאָל שטעל איך זיך די פראַגע: צי וועלן מיר זיך דערקענען? ווען איך האָב פאַרלאָזט מיין היים־שטאָט, בין איך נאָך קיין פולע צוועלף יאָר נישט אַלט געווען. מיין גרויסע משפחה איז זיך צעפאָרן איבער אַלע שבעה ימים, אַ טייל האָט זיך באַזעצט אין אַרגענטינע. עס איז מיר אַ שאָד און אַ פאַרדראָס, וואָס מיין טייערע מומע גיטל, אין וועמענס שטוב איך האָב פאַרבראַכט אַ טייל פון מיינע קינדער־יאָרן, איז מער נישטאָ. איידער איך בין אַרויף אויף דער שיף, איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון בוענאָס־איירעס, אַז זי איז אַוועק דעם אייביקן וועג. איך באַשליס צו גיין אויף איר קבר און דאָרטן אַוועקלייגן אַ קראַנץ מיט בלומען. דער הילכער שלאָגט איבער מיינע געדאַנקען. אַ קול צעטראָגט זיך איבערן דעק פון שיף און לאָזט וויסן די פּאַסאַזשירן: ס׳וועט היינט געגעבן ווערן „קעפּטענס דינער״. ס׳איז די לעצטע נאַכט אויפן שיף, און מען וועט הוליען ביז אין דער פרי.

איך גיי אַריין אין מיין קאַבינע. איך צי מיך אויס אויפן בעטל. די אויגן־דעקלעך שליסן זיך צו, ס׳באַפאַלט מיך אַ דרימל. איך זע אַ פּאַראַדנע לוויה. איך טראָג אַ קראַנץ בלומען און לייג דאָס אַוועק אויף אַ פרישׁ־פאַרשאָטענעם קבר. ס׳איז מיר נאָר אַ וווּנדער, וואָס דאָס איז מיין אייגן קבר.

## שרה האַמער־דזשאַקלין

איך עפן אויף די אויגן, קוק מיך אַרום צעמישט. ס׳באַפאַלט מיך אַ פחד. איך דערזע זיך גאָר ווייט פון דער ערד. איך בין אויפן שיף אין אַ קאַביגע. ווי אויסטערליש אַ חלום קאָן זיין! ווי קאָן אַ מענטש גיין צו זיין אייגענער לוויה? איך צעלאַך זיך און באַשליס, אַז דער חלום איז אַ רעזולטאַט פון טראַכטן פון מיין ערשט־פאַרשטאַרבענער מומען. יאָ, איך וועל טאַקע גיין אויף איר קבר און דאָרט אַוועקלייגן אַ קראַנץ בלומען.

אַריבער אַ האַלבע נאַכט האָב איך פאַרבראַכט אין רחבותדיקן זאַל פון שיף. איך האָב געגעסן, געטרונקען, געטאַנצט אונטערן קלאַנג פון אַ פריילעכן אָרקעסטער. דאָך האָט אַן אומהיימלעך געפיל מיך באַהערשט די גאַנצע צייט. איך האָב זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם אויס־טערלישן חלום.

און אָט איז געקומען דער געגאַרטער מאָמענט. די שיף בלייבט שטיין ביים ברעג. איך זע פון דער ווייטנס אַ מחנה מענטשן אין קאָלירפולע קליי־דער. זיי פאָכען מיט ווייסע טיכלעך אין די הענט צו די אָנגעקומענע פּאַסאַ־זשירן. איך באַטרעט די אַרגענטינער ערד און זוך מיט די אויגן מיינע איי־גענע. און אָט טוט זיך צו מיר אַ לאָז אַ גרופּע מענטשן. ס׳ווערט אַ פריי־דיקער אויסגעשריי: די משפחה־ענלעכקייט האָט לאַנג נישט געלאָזט צווייפלען. מען צעקושט זיך, מען לאַכט און מען וויינט. פון דעם גרויסן עולם, וואָס איז מיך געקומען באַגעגענען, רוקט זיך פּלוצעם אַרויס אַ הויך, שוואַרץ־חנעוודיק מיידל מיט בלויע אויגן און דערלאַנגט מיר אַ בוקעט בלומען און זאָגט: — איך בין קלאַרעטאַ, דיין קוזינע, חנהלעס יינגסטע טאָכטער. איך באַדאַנק איר, אָבער די גרויסע פרייד, וואָס איך האָב געפילט אָט ערשט־אָ — פאַרשווינדט. יענער חלום אויפן שיף שטייט ווידער פאַר מיינע אויגן און ס׳נעמט מיך אַרום אַ טרויעריקע שטימונג. איך וואָלט געוואָרן די בלומען אין וואַסער אַריינגעוואָרפן. די רויזן ברענען ממש מיינע פינגער. איך גיב דעם בוקעט עמעצן צו האַלטן, מיטן אויסרייד, אַז איך מוז אַכטונג געבן אויף מיינע וואַליזעס, כאָטש אַלע רייסן זיך צו די טשעמאָדאַנעס און טראָגן זיי אַריין אין דעם אויטאָ.

ס׳איז שוין אַריבער צוויי וואָכן ווי איך וווין ביי מיין קוזינע דבורהלע. איר מאַן יעקב מאיר האָט אַ צירונג־געשעפט, וואָס געפינט זיך אין שכנות

מיט דער וווינונג, בלויז אַ דינע וואַנט טיילט אָפּ דאָס גרויסע געוועלב פון די הינטערשטע רחבותדיקע שטובן. ווען ס׳ווערט שטיל, הער איך דעמאָלט פאַרשידענע קלאַנגען פון די זייגערס. יעקב מאיר האָט אַ שוואַכ־קייט צו אַנטיקן. אַ גרויסער זיידע־זייגער קלינגט אויס זיינע שעהען אויף אַ באַסאָוון קלאַנג, אַן איידל גאָלדן זייגערל איז ווי אַריינגעוואַקסן אין אַ בראָנדזענער גראַציעזער פיגור פון אַ וואַסער־מיידל און קלינגט אויס אירע שעהען אויף אַ דינער סאָפּראַנאָ. אַ קינד־זייגערל, וואָס ליגט איינגע־פאַסט אין אַ מאַרמאָרנעם וויגעלע, האָט אַ טירל ביים זייט, און אַלע שעה שפרינגט אַרויס פון דאָרטן אַ פייגעלע און זינגט אויס: קו־קו, קו־קו. לכתחילה האָט דאָס קלינגען פון די פאַרשידענע זייגערס מיך שטאַרק דענערווירט, אָבער ביסלעכווייז האָב איך זיך צוגעוווינט צו די קלאַנגען, ווי צו אַ סימפאָנישן אָרקעסטער, און גאָר אָפּט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך הער דורות־לאַנגע אויסקלינגען זייערע שעהען און יאָרן.

אין הויז איז אַלע מאָל פריילעך און טומלדיק. דער היימלעכסטער טאָג איז געווען שבת, ווען ס׳פלעגן זיך צונויפקומען די אויסגעגעבענע קינדער, אייניקלעך און משפחה. אַלע ווילע האָט זיך געעפנט די טיר און ס׳איז אריינגעקומען אַ צושיקער מיט אַ סלויאיק איינגעמאַכטס, אַ מאָל מיט אַ פלאָדל, צי גאָר מיט אַ קוגל אָדער אַ צוקערלעקעך. און אַלע מאָל האָט דער שליח געטאָן אַ זאָג: „דאָס איז לכבוד דעם גאַסט". אָדער — „ליב אייך אייער גאַסט". און איך, דער „גאַסט", האָב אַלץ געמוזט פאַרזוכן און טאַקע עסן מיטן פולן מויל. איך האָב קלאָר געזען, ווי פון מיין פיגור ווערט אַ תל. איך האָב אָבער נישט געוואַגט אָפּצוזאָגן.

אין הויז האָט מען אָפּט גערעדט פון סיניאָר מאַרק, וואָס פירט אויך אָן מיט אַ צירונג־געשעפט, ווי מיין קוזין, אָבער יענער האַנדלט דורכויס בלויז מיט ווערטפולע שטיינער, ברילִיאַנטן, פּערל און די טייערסטע שמאַ־ראַגדן. איך ווייס שוין אויך, אַז ער איז אַן אַלטער בחור און זייער רייך, און וויל נישט חתונה האָבן. ער ווערט בייז, ווען מען רעדט צו אים וועגן תכלית. די שענסטע טעכטער פון שטאָט האָט מען אים געשדכנט, אָבער ער האָט אַלע מאָל איין ענטפער: ניין! שטיל, אויפן אויער, האָט מיר מיין קוזינע פאַרטרויט אַ סוד, אַז דער סיניאָר מאַרק האָט אין זיינע יונגע

יאָרן איבערגעלעבט אַ גרויסע אַנטוישונג אין ליבע און פון דעמאָלט אָן קוקט ער מיט אומצוטרוי אויף יעדער פרוי. ער ווייסט, אַז צו זיינע פריינד איז געקומען אַ גאַסט פון נאָרד־אַמעריקע. ער האָט שוין צוויי מאָל צוגע־זאָגט צו קומען און אין דער לעצטער מינוט טעלעפאָנירט ער, אַז ער איז פאַרנומען צוליב געשעפט.

אַ מאָדנע נייגעריקייט האָט מיך באַהערשט זיך צו באַקענען מיט דעם טשיקאַווען בחור, וואָס מיין משפחה האָט גערופן — דער ווילער „טשודאַק״. דבורהלע האָט מיר אויך געלאָזט וויסן, אַז ער פאַרמאָגט אַן אייגענעם וואָגן.

— מיט אַ פערד? — האָב איך געפרעגט. זי האָט זיך צעלאַכט און מיך גערופן גרינע, דערביי מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אַ וואָגן אין אַרגענטינע הייסט אַ „סאַמאַכאָד״, אַן אויטאָ, און אַז בלויז די זייער רייכע קאָנען זיך פאַרגינען דעם לוקסוס.

אין איינעם אָן אָוונט איז ער דאָך געקומען. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די אָנהייב פופציקער, פון מיטעלן וווקס און סימפּאַטישן אויסזען, מיט אַ פּאָר ליכטיקע בלויע אויגן. אין זיינע שוואַרצע האָר האָבן זיך דורכגע־וואָרפן גרויע פעדעם. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז שוין אַ מאָל געווען אין ניו־יאָרק און האָפט נאָך אַ מאָל צו זיין אין נאָרד־אַמעריקע. גאָר שנעל האָט זיך צווישן אונדז פאַרבונדן אַ טיפע פריינדשאַפט. איך האָב באַמערקט, אַז ווען ער פלעגט צו מיר רעדן, האָט ער זיך גערויטלט, ווי אַ ישיבה־בחור. ער האָט מיר געוויזן בוענאָס איירעס, מיר פלעגן אָפט פאָרן איבער פאַרשידענע פלעצער, צו מוזעומס, צו קאָנצערטן, און אין די שענסטע רעס־טאָראַנען פלעגט ער מיך פירן. ער איז געווען אַ גוטער שמועסער, ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער איז גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור און קען אויך גוט די יידישע ליטעראַטור. ער איז געווען אַ גרויסער חסיד פון אַ צאָל יידישע שרייבער. ער האָט מיך כסדר געהאַלטן אין יום־טובדיקער שטימונג. בלויז איין זאַך האָט מיר פאַרשטערט די גוטע שטימונגען — דאָס זענען געווען זיינע בוקעטן בלומען, וואָס זענען מיר אָנגעקומען יעדן צווייטן אָדער דריטן טאָג. זינט יענעם חלום אויף דער שיף, האָב איך זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַפרייען פון דער מורא פאַר בלומען. איך האָב

געזוכט זיך צו באַרויִקן און נישט געקאָנט. אין געדאַנק האָב איך זיך געזידלט, זיך גערופן מיט אַזעלכע נעמען, ווי „נאַר", „פּאַנאַטיקערין" און „גולם". אַ קאַלטער שווייס פּלעגט מיך באַשלאָגן יעדן מאָל, ווען דאָס שיק־יינגל האָט מיר געבראַכט אַ פרישן בוקעט בלומען.

אין הויז האָט מען גענומען קוקן אויף מיר און סיניאָר מאַרק, ווי אויף חתן־כלה. ס'האָט זיי נאָר געוווּנדערט, וואָס איך צעשטעל די בוקעטן בלומען אין פאַרשידענע צימערן, אָבער קיין מאָל נישט אין מיין שטוב. אָפט האָב איך געטראַכט, אַז איך וואָלט געדאַרפט גיין צו אַ פּסיכיאַטאָר און זאָל ער מיר אויסטייטשן מיין שרעק פאַר בלומען. דערווייל זענען טעג און וואָכן געלאָפן. מיר פלעגן זיך אָפט זען, און די בוקעטן בלומען פון מיין פאַרערער זענען געקומען רעגלמעסיק.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען ער האָט מיך באַגעגנט, האָט סיניאָר מאַרק אין האַנט געהאַלטן אַ פּודעלע. ער האָט פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ „קאָר־סאַזש", מיר דאָס צוגעשפּיליעט צום קלייד און אַ פריילעכער אויסגערופן: „איך האָב פאַר אייך אַ סורפּריז, שפּעטער וועלן מיר דערפון רעדן".

מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין זיין אויטאָ און מיר זענען צוגעפאָרן צו אַ לוקסוסדיקן רעסטאָראַן. די בלומען אויפן קלייד מיט זייער שמעקע־דיקן ריח האָבן מיך צערייצט און אַריינגעבראַכט אין אַ קרענקלעכער שטי־מונג. דאָס געדעמפטע ליכט, די קאַמער־מוזיק, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן זאַל, האָט דאָס מאָל געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג. אין מיינע אויערן האָט דאָס געקלונגען ווי שאָפּענס טרויער־מאַרש. איך האָב אַ שוויי־גנדיקע געגעסן. סיניאָר מאַרק איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג. עפּעס האָט ער גערעדט, נאָר איך האָב אים נישט געהערט.

פלוצעם האָב איך אַ זאָג־געטאָן:

— סיניאָר מאַרק, איך בעט אייך, שיקט מיר מער נישט קיין בלומען!

ער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל, מיט ברייט פונאַנדערגעריסענע אויגן. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ קינד, וואָס מען האָט טיף באַליידיקט און אָט באַלד וועט ער זיך צעוויינען.

— נישט שיקן קיין בלומען?! איר האָט נישט ליב קיין בלומען? ווי

קאָן דאָס געמאָלט זיין, אַז אַזאַ צאַרט פילנדיק מיידל, ווי איר, זאָל פיינט האָבן רויזן? בלומען איז דאָך פּאָעזיע, — האָט ער שטיל צוגעגעבן.

איך האָב זיך געפילט שולדיק פאַר מיין אומגעלומפּערטן „זאָג" און ס'האָט מיך שוין באַנג געטאָן, ווען איך האָב דערזען, ווי טיף באַליידיקט ער האָט זיך געפילט.

— אַנטשולדיקט, איר האָט מיך נישט גוט פאַרשטאַנען און אפשר האָב איך זיך שלעכט אויסגעדריקט, ווייל... בלומען האָב איך ליב, אָבער איך קאָן נישט פאַרנעמען זייער שנעלן פאַרגיין. אָט ערשט האָבן זיי גע־בליט, אין אַ טאָג־צוויי — זענען זיי שוין טויט.

ער האָט זיך וואָרעם צעשמייכלט און אַ דערפרייטער אויסגערופן — אָט דאָס גאָר! פאַר וואָס האָט איר מיר דאָס נישט געזאָגט פריער? אַך, דאָס צאַרטע סענסיטיוו געפיל פון אַן איידעלער פרוי. נו, גוט, פון איצט אָן און ווייטער וועל איך אייך שיקן בלומען מיט פאַרמאַכטע קנאָספּן און ס'וועט נעמען מער ווי אַ וואָך, ביז זיי וועלן זיך צעבליען, צופרידן? — האָט ער אויף מיר געקוקט מיט געבעט. איך האָב הילפלאָז געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און שטיל געזאָגט: — אַ דאַנק.

— און אָט איז אַ סורפּריז — איך האָף, אַז ס'וועט אייך געפעלן. ער האָט אַריינגעטאָן זיין האַנט אין טאַש פון זיין מאַנטל און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ פּעקעלע, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין פּליס־פּאַפּיר. פאַר מיינע אויגן האָבן אַ בלענד־געטאָן צוויי גרויסע רובינען. — אָט די צוויי רובינען — האָט ער אויסגערופן מיט אַ באַזונדערער פרייד, — וועלן ווערן אַריינגעפּאַסט אין אוירינגלעך, צי געפעלט אייך דער פאַסאָן? — האָט ער מיר אָנגעוויזן אַ שטיקל פּאַפּיר, ווו עס זענען געווען געצייכנט גע־דרייטע לאַנגע אוירינגלעך.

— יאָ, האָב איך געזאָגט, — עס איז פּרעכטיק — און נישט קלאָר באַנומען זיין מיין.

ס'איז פאַר אייך! שבת, ווען מיר וועלן זיך באַגעגענען, וועלן זיי שוין זיין פאַרטיק, און אויב איר וועט דאַרפן געלט, וועט איר זיי פאַרקויפן און זיך קאָנען פאַרגינען אַ רייזע איבער דער וועלט...

— אַ דאַנק, אָבער איך קאָן נישט נעמען אַזאַ ווערטפולע מתנה פון אַ פרעמדן.

ער האָט זיך געררויטלט און שטיל געזאָגט:

— אפשר וועלן מיר אַ מאָל ווערן אויס פרעמדע. דערווייל בעט איך אייך, נעמט אָן מיין קליינע מתנה, פאַר מיר וועט זיין אַ פאַרגעניגן און אַ כבוד, אַז איר וועט טראָגן מיינע אוירינגלעך. און זאָרגט אייך נישט וואָס זיי זענען קאָסטבאַר, איך האָב געגוג געלט און ס'וועט מיר חלילה נישט פעלן אויף שבת.

איך האָב זיך אַלץ געהאַלטן ביי דעם, אַז איך קאָן די מתנה נישט נעמען.

מיר האָבן נאָך לאַנג געשמועסט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט באַשטעלט בילעטן צו זען אַ שפּאַנישע טעאַטער־פּיעסע, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער דערפאָלג אין בוענאָס־איירעס. מיר האָבן זיך געזעגנט אין גאַר אַ געהויבענער שטימונג און זיך אָפּגעשמועסט צו באַגעגענען שבת זיבן אַ זייגער אין אָוונט.

פרייטיק פרי איז מיר אָנגעקומען אַ גרויסער בוקעט ווייסע רויזן מיט פאַרמאַכטע קנאָספּן. איך האָב אַ רעזיגנירטע אַריינגעשטעלט דעם בוקעט אין אַ וואַזע מיט וואַסער און בין אַוועק צו דער שניידערין, וואָס האָט מיר געניייט אַ קלייד.

שבת זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט בין איך שוין געווען אָן אויסגעפּוצטע אין מיין נייעם קלייד. איך האָב געוווסט פון דערפאַרונג, אַז סיניאָר מאַרק איז אַלע מאָל געקומען מיט אַ האַלבער שעה פריער, ווי אין דער באַשטימטער צייט. איך האָב כסדר געקוקט דורכן פענצטער. עפּעס אַ מאָדנע אומרויִקייט האָט מיך באַהערשט. צי בין איך פאַרליבט? האָב איך מיך עטלעכע מאָל געפרעגט און נישט געפונען קיין באַשטימטן ענטפער. די צוגעזאָגטע שעה פון אונדזער ראַנדעווו איז שוין לאַנג אַריבער און סיניאָר מאַרק איז נאָך אַלץ נישט געקומען. דער זייגער האָט געוויזן זיבן מיט פערציק מינוט. איך ווער אומגעדולדיק. און פּלוצעם צעקלינגט זיך הויך דער טעלעפאָן. איך הייב אויף דאָס טרייבל. — העלאָ. — איך דערקען די שטימע פון מיין קוזינס טאָכטער קלאַרעטאַ. זי שטאַמלט אַרויס עפּעס אַזעלכע מוראדיקע

ווערטער: — פלוצעם אַוועקגעפאַלן... אונדזער גוטער פריינד... סיניאָר מאַרק... אַט ערשט מיט אַ שעה צוריק... נישטאָ מער...

איך הער מער נישט, עפּעס טו איך אַ מוראַדיקן געשריי. ס׳טרייבל פאַלט אַרויס פון מיין האַנט, איך בלייב זיצן באַוועגלאָז, ווי אַ סטאַטוע. איך האָב נישט קיין שום אַנונג, ווי לאַנג איך בין אַזוי געזעסן. אַ שטאַרקער קלאַפּן אין טיר האָט מיך אויפגעוועקט. איך האָב געעפנט די טיר. אויפן שוועל איז געשטאַנען ביידנס גוטער פריינד, מיין קוזינעס מאַן יעקב מאיר. איך קוק אויף אים מיט שטאַרע אויגן. — קום, זאָגט ער, — אַ ביסל אַרויס אין גאַס.

כמעט אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר אַרומגעוואַנדערט איבער די גאַסן פון בוענאָס איירעס, גערעדט פון דעם איידעלן, גוטן מענטשן, וואָס איז אַט ערשט געווען, געלעבט, געווען פול מיט חלומות און אַט איז אַלץ אויס... כ׳איז עפּעס געווען אַזוי שווער דאָס צו באַנעמען.

זונטיק בייטאָג בין איך געגאַנגען צו זיין לוויה. איך בין צוזאַמען מיט אַ גרויסן עולם מיטגעפאָרן אויפן בית־עולם. איך האָב אויף זיין פריש־פאַרשאָטענעם קבר אַוועקגעלייגט דעם בוקעט מיט בלומען, וואָס ער האָט מיר מיט דריי טעג פריער געשיקט. די פאַרמאַכטע קנאָספּן זייבען איצט געווען צעעפנט, און די ווייסע רויזן אין פולן בלי.

מיט אַ מאָל איז מיר קלאָר געוואָרן די געהיימעניש און מורא, וואָס איך האָב געפילט צו בלומען, זינט איך האָב באַטראַכט די אַרגענטינער ערד.

# זינדיקע מענטשן

ס'איז צווישן טאָג און נאַכט. אין פענצטער רייסן זיך דורך די לעצטע פּאַסן ליכט פונעם פאַרגייענדיקן טאָג. די אַלטע באַשעלע ליגט שוין אין בעט. אויף אַ טישל דערנעבן ברענט אַ לעמפּל מיט אַ גרינעם אַבאַזשור. אויף די ווענט הענגט אַ גרויע לאַנגווייליקייט. באַשעלע איז האַלב וואַך, האַלב אין דרימל. זי רייסט אויף אירע מידע אויגן און זעט דורך דער צעפּראַלטער טיר פון דער צווייטער שטוב, ווי עס זיצט איר מאַן ביים רונדן טיש און קוקט אַריין אין אַ ספר. זי וואָלט געוואָלט אַרויסקריכן פון בעט און אים געבן עסן. נאָר זי קאָן עפּעס נישט צונויפנעמען אירע שווערע גלידער. זי ליגט מער אין בעט, ווי זי גייט אַרום. וואָס איז דאָס מיט איר? אָט־אָ ערשט געווען אַזוי שטאַרק... און איצט בליי. צען קינדער האָט זי געהאַט. אַכט האָט זי אויסגעכאַוועט — געקאָכט און געבאַקן, געוואַשן, און נאָך פרעמדע מענטשן באַדינט. און ווען איר מאַנס געשעפטן זענען אַוועק גוט, און זי האָט זיך געקאָנט פאַרגינען אַ דינסט, האָט זי נישט געוואָלט. מיט יענעמס הענט איז גוט פייער צו שאַרן. ווו איז אַהינ־געקומען איר כוח? און פאַר וואָס ציילט מען עפּעס אירע יאָרן? באַבעשי, ביסט שוין אַכציק. מאַמע, דו ווערסט איין און אַכציק, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. ווען נישט דאָס שווינדלען פאַר די אויגן און דאָס ציטערן פון די הענט, וואָלט זי זיך נאָך געפילט ווי אַ יונגער מענטש... אוי, אַ מאָל... וואָס איז אַ מאָל? אַ מאָל איז דאָך ערשט נעכטן... די אויגן־דעקלעך שליסן זיך ביי איר, ווי ביי אַ שוואַך הינדל. זי דערהערט טריט.

זי רייסט אויף די אויגן און דערזעט אויף דער וואַנט דעם הויכן קנאַכיקן שאָטן פון איר מאַן. זי דערשרעקט זיך. וואָס קלעטערט ער עפּעס אויף די ווענט?

— פּאַוואָליע, משה חיים, ווערסט חלילה אַראָפּפאַלן און זיך צעקלאַפּן...

ער איז שוין אָבער אין קיך און הערט בלויז אָפּגעריסענע ווערטער.

— זאָגסט עפּעס? — פרעגט ער דורך דער אָפענער טיר.

— דו ביסט אין קיך? נו, געלויבט דעם אייבערשטן, דערפרייט זי זיך. האָב געמיינט... זי פאַרענדיקט נישט. ס'נעמען זיך פּלאָנטערן געדאַנקען. זי איז עפּעס ווי אין אַ טשאַד, זי זעט מיראַזשן, הערט געזאַנג. אפשר זינגט עמעצער אין שכנישן הויז? זי שטרענגט זיך אָן, הערט זיך איין, ניין... ס'געזאַנג קומט פון ווייט... ווייט פון דער אַזערע... זי שטייט און וואַשט וועש. לעבן איר וואַקסט אויס יעקעלע דעם חזנס, וואָס אַלע אין שטעטל זאָגן, אַז ער וועט אַ מאָל זיין דער גרעסטער חזן אין דער וועלט.

— באַשעלע, איך האָב דיך ליב... זי דערשרעקט זיך, זאָגט אים, אַז זי האָט שוין אַ חתן. און ער כאַפּט זי אַרום, קושט זי און זי האָט זיך געלאָזט קושן... מיט אַ מאָל האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פון אים און איז אין גרויס שרעק אַנטלאָפן אַהיים. מער איז זי נישט געגאַנגען אַליין צום טייך וועש־וואַשן. זי האָט אַלע מאָל מיטגענומען איר שוועסטערל. ער פלעגט זיך דרייען פאַר אירע פענצטער. ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט איר משה חיימען און זיי זענען אַוועק קיין אַמעריקע, האָט זי אָפט געטראַכט פון יענעם. יאָ, זי איז אַ זינדיקע אישה. און ווען זי האָט געטראָגן מיט איר ערשט קינד, האָט זי זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער, יעקעלע דעם חזנס, קושט זי. איצט ווייסט זי, אַז זינדיקן מיטן געדאַנק איז פונקט ווי מען וואָלט געזינדיקט אויף דער וואָר. אויף יענער וועלט וועט זי דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון... אוי, ווי זי האָט געזינדיקט...

זי מוז אַלץ איר מאַן דערציילן. אפשר וועט ער איר פאַרגעבן, וואָלט זי דעמאָלט געקומען אויף יענער וועלט אַ ריינע, אַ געלייטערטע.

משה חיים וויגט זיך איבער אַן אָפענעם ספר, פונקט ווי אין די יונגע יאָרן, ווען ער האָט געלערנט אין דער ישיבה.

זיין פרומקייט איז לאַנג שוין פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן פאַרלאָזן די ישיבה און צוזאַמען מיט די אָפּגעשוירענע פאות און לאַנגער קאַפּאָטע. אָבער די טיפקייט און חכמה פון זיין לערנען איז אים פאַרבליבן. און ער באַנוצט זיך אָפט מיט פשטלעך פון דער גמרא ביים האַנדלען, ווען ער קומט זיך צוזאַמען מיט גרויסע סוחרים.

אויפן טיש זענען געווען אַנגעוואָרפן ענגלישע און יידישע צייטונגען.

משה חיים לייענט וועלט־נייעס, טוט אַ קוק ווי ס'האַלט מיט דער בירזשע און מיט זיינע אַקציעס. קוקט, לייענט, קנייטשט דעם שטערן. זיין צע־אַקערט פּנים האָט נאָך אַ געזונטן ראָזעווען קאָליר. אונטער די ברוינע אויגן הענגען אַרונטער טאָרבעלעך. ער לייגט אַוועק די צייטונג, טוט אויס די ברילן, ווישט אויס די שייבלעך, וואָס זענען פאַרלאָפן געוואָרן פון דעם דעמפּן טוי, וואָס הענגט איבער דער שטוב. ער טוט אַ גלעט זיינע געדיכטע גרויע האָר, וואָס זענען פאַרזיכטיק פאַרקעמט און כאַפּט זיך, אַז ער טראַכט שוין ווידער און מיט גרויס פאַרדרוס, וואָס ער האָט זיך געלאָזט איינרעדן פון זיינע זין זיך צוריקצוציען פון זיינע געשעפטן. זייערע ווער־טער קלינגען שוין אַריבער אַ יאָר אין זיינע אויערן:

— טאַטע, גענוג געאַרבעט. דו וועסט „ריטייערן" און מיר, דיינע זין, וועלן פירן די ביזנעס.

זיי האָבן אַזוי לאַנג איינגעטענהט, ביז ער האָט צוגעשטימט. — וועסט גיין, וועסט פאָרן, וועסט זען אַ וועלט... און אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר, אַז ער זיצט און היט אָפּ זיין אַלטע...

שוין אַריבער אַ יאָר, ווי ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון זיין טעקסטיל־פאַבריק, ווו ער איז געווען דער פולשטענדיקער באַלעבאָס. ער הערט נאָך אַלץ דאָס רעגלמעסיקע קלאַפּן פון די מאַשינען און זעט די שווער־אָנגעע־לאָדענע „טראָקס" מיט סחורה. די וועגענער קרעכצן. מען צעפירט זיין סחורה. סוחרים קומען. רייכע, גרויסע סוחרים רעדן מיט אַ הויך קול. מען דינגט זיך. מען שרייבט אונטער טשעקס. און מען טרינקט לחיים. אין מיטן פון דעם עולם דרייט זיך אַרום רעגינע, די אויפזעערין, אַ פעסטגעבויטע, הויכע, מיט לאַכעדיקע שוואַרצע אויגן. דריי און צוואַנציק יאָר האָט זי אים געטריי געדינט.

ער האָט אַ סך געררייזט צוליב געשעפט. געפאָרן איבערן לאַנד און זייער אָפט איז רעגינע מיטגעפאָרן... זי האָט געוואָלט אַז ער זאָל גטן זיין ווייב. וואָס איז ער עפּעס, אַ הפקר־יונג? ער איז צוגעבונדן צו זיין ווייב־און קינדער און אייניקלעך. ער קוקט מיט שטאַרע אויגן אין רוים. ס'לעבן־אויף שטורמישע סצענעס פון אַן אינטים לעבן מיט זיין אויפזעערין... ער דערפילט מיט אַ מאָל ווי זיין געבויגענער קערפּער גלייכט זיך אויס און

ס'פּליסן אין אים נייע יונגע כוחות. וואָס הייסט אַלט? אַ מענטש איז בלויז אַזוי אַלט, ווי ער פילט. און ער פילט זיך יונג ביי זיינע אַכציק יאָר. ער מוז זיך נאָך זען מיט רעגינען. זיינע זין האָבן גלייך נאָך זיין אַרויס־טרעטן פון געשעפט, זי גלייך אָפּגעשאָפּט... איר אָרט פאַרנעמט איצט עפּעס אַ דאַר יונג מיידל.

רעגינע האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ נייע דירה. ער ווייסט נישט ווו, אָבער ער וועט שוין געווויר ווערן. מען קאָן אויסגעפינען אפשר דורכן טעלעפאָן־בוך? יאָ, ער פילט זיך בכוח און וועט זיך צוריקקערן צו זיינע געשעפטן...

— משה חיים, משה חיים, דערהערט ער דאָס דערשראָקענע געדעמפטע קול פון זיין ווייב. ער לויפט צו צו איר בעט און פרעגט פאַרווונדערט:

— וואָס איז, באַשעלע? ווילסט עפּעס?

פון קישן הייבט זיך אויף אַ פּיצל קעפּעלע אין אַ ווייס הייבל.

— אוי, משהלע לעבן, רעדט זי אַרויס שוואַך, איך בין אַ זינדיקע פרוי. איך וויל אַז דו זאָלסט מיר מוחל זיין מיינע זינד...

ער טוט אַ צי מיט די אַקסלען, אַ מאַך מיט דער האַנט און אַנטלויפט. נאָר באַלד כאַפּט אים אַרום אַ רחמנות אויף זיין אַלט שוואַך ווייב.

— נעבעך, זאָגט ער שטיל צו זיך, עובר בטל. מאָרגן, בלי נדר, וועט ער פאָרן אין פאַבריק אַריין, זיך דורכשמועסן מיט זיינע זין און זיי דער־קלערן, אַז ער קומט צוריק אין געשעפט אַריין. ער וויל און מוז אַרבעטן, כאָטש בלויז עטלעכע שעה אַ טאָג. אָבער ער מוז זיין באַשעפטיקט. און פאַר זיין אַלטער וועט ער אַנשטעלן אַ דינסט, זי זאָל גוט אַכטונג געבן אויף איר און זי זאָל זיין באַשעלען באַדינען, ווי מען באַדינט אַ קייסערינע.

# שבת אין היקעסוויל

דאָס פּיצעלע שטעטעלע ליגט אין אַ טאָל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט הויכע גרינע בערג. אין די זומערדיקע נעכט שפּאַצירט דאָרט די לבֿנה איבער די בערג, די הויקערדיקע ווי קעמלען. ווינטער זענען די שפּיצן בערג באַדעקט מיט שניי און קוקן מאַיעסטעטיש אַראָפּ צום טאָל, וווּ עס ליגט דאָס שטעטעלע היקעסוויל: די איינוווינער לעבן צווישן זיך בשלום. די עטלעכע הונדערט ייִדישע פֿאַמיליעס האַלטן זיך נאָענט. זיי פֿאַרמאָגן אַן אייגענעם „סענטער", אַ שולעכל: אין „סענטער" גייט דער ייִנגערער דור, אין שול קומען די עלטערע ייִדן. דער הויפּט־האַנדל גייט אָן אין „מעין סטריט", דאָרט געפֿינט זיך די באַנק, די נייע אַפּטייק, אַ „דעפּאַרטמענט־סטאָר", וווּ מען קאָן איינהאַנדלען אַלערליי סחורות, אַ רעסטאָראַן און אַ קאַפֿע־הויז, אַ בעקערײַ און אַ „פֿינף־און צען־סענט־סטאָר", עטלעכע שענקן און פּאָר־שידענע אַנדערע געוועלבלעך. אָבער אַממערסטן זעען זיך דאָרט אָן די האָטעלן און מאָטעלן; די הויפּט־פּרנסה ציען די איינוווינער פֿון די געסט, וואָס קומען אַהין אויף זומער־וואַקאַציעס.

נישט ווײַט פֿון שטעטל געפֿינט זיך אַ ישיבֿה, אַהין קומען בחורימלעך פֿון די אַרומיקע גרויסע שטעט. אָפּט באַווײַזן זיי זיך אין היקעסוויל, מען דערקענט זיי גלײַך נאָך זייער הולך: אין די גרעסטע היצן זענען זייערע קעפּ צוגעדעקט מיט קליינע רונדיקע היטעלעך, אָדער שטרויענע קאַפּע־ליושלעך. זייערע פּאות באָמבלען זיך אויף די באַקן, אַ סך פֿאַררוקן די פּאות אונטער די אויערן.

אין ווינטער דרעמלט דאָס שטעטל און ס'לעבן גייט אָן מיט אַ לאַנג־זאַמען טעמפּאָ. אַ גאַנצן ווינטער גרייט זיך היקעסוויל אויפֿצונעמען די זו־מערדיקע געסט: מען מאָלט איבער די האָטעלן, מען בויט צו צימערן, עס ווערן אַרײַנגעשטעלט נײַע פֿענצטער. דורכן ווינטער אָרדענען די איינוווינער איין אונטערנעמונגען, די יוגנט גייט טאַנצן. אין די לאַנגע ווינטער־נעכט

גייט מען צו שכנים, מען שפּילט אין קאָרטן און דאַמינאָ. די עלטערע ווייבער דערציילן זיך מעשיות פון שדים און ווי שווער זיי זענען געגאַנגען צו קינד און שטריקן דערביי אויס סוועטערלעך פאַר זייערע אייניקלעך.

עס איז שבת. אַ ווינטערדיקער פרימאָרגן. דורך דער נאַכט איז אָנ־געפאַלן אַ הויכער שניי און אָנגעטאָן ס'שטעטל אין ווייסע בגדים. „מעין סטריט" פאַנגט אָן זיך אויסצושטשען פון נאַכטיקן שלאָף. דער בלינדער בעני, מיט אַ פאַרמאַכט אויג, קערט מיט אַ לאַנגן בעזעם אַוועק דעם שניי לעבן זיין פּרוכט־קרעמל, דערביי שעלט ער הויך אויפן קול זיין זון, ווייל יענער וויל נישט אַרבעטן, וויל נישט אויפשטיין און פּאַפּט גאַנצע טעג און שלעפּט זיך אַרום דורך די נעכט מיט נקבות, און שפּילט אין ביליאַרד...

עס איז שוין אָפּן די בעקעריי. עס שמעקט פון דאָרט אַרויס מיט פרישן געבעקס. דעם „באַרבער־שאָפּ" עפנט דער איטאַליענער טאָני, וואָס רעדט יידיש ווי אַ ייד. עס זענען שוין אָפן כמעט אַלע געשעפטן, אַחוץ די צוויי יידישע יאַטקעס און דאָס כשרע וואורשט־געשעפט, וועמענס באַלעבאָס איז אַ פרומער ייד, ער איז דער גבאי פונעם שולעכל.

פון דזשימיס „טאַווערן" וואַקלט זיך אַרויס אַ גוי, ער גייט זיגזאַגיש און ברומט עפּעס אומפאַרשטענדלעכע שיכורע רייד. אין „מעין סטריט" איז שטיל: זעלטן ווען מען זעט אַ מענטש. די איינציקע באַוועגונג קומט פון אַ כאַפּטע ווייסע חברהניקעס. זיי האָבן געמאַכט אַ שניי־מענטש, וואַרפן זיך מיט שניי־קוילן, שליטלען זיך מיט געפילדער. זייערע פריילעכע אויסגעשרייען מישן זיך אויס מיטן קלינגען פון די קלויסטער־גלאָקן.

שבת נאָך מיטאָג. אין הויז פון דוד לייב דאַמניצער, דעם רב פון שטעטל, איז וואַרעם. אויפן ווייס־געדעקטן טיש שטייען די זילבערנע בענטש־לייכ־טער. דער רב וויגט זיך איבער אַן אָפענעם ספר, ער גלעט זיין גרויע באָרד, פון מאָל צו מאָל בלייבט ער זיצן פאַרטראַכט. נעכעלע, זיין ווייב, פאַרעט זיך אין קיך. זיין יינגסטער אייניקל, בערעלע, שטייט ביים פענצטער, ער קוקט מיט באַהאַלטענער קנאה און מורא צום דרויסן, זעט ווי יינגלעך, צווישן זיי אַ פּאָר פון זיינע חברים, גליטשן זיך און וואַרפן זיך מיט שניי־פּילקעס:

— זע, זיידע, יידישע יינגלעך פאָרן אום־שבת אויף שליטענער!

— גויים! — ברומט אַרויס דוד לייב.

— ניין, ניין, — אָט איז היימי דעם בעקערס!

— אויך אַ גוי, אַן אַמעריקאַנער גוי!

— אויף יענער וועלט וועט מען זיי בראָטן און ברענען, האַ, זיידע?

— אוודאי, רשעים גייען אין גהינום אַריין. — קום אַהער, בערעלע, און לערן בעסער די פּרשה פון דער היינטיקער סדרה.

— אָט אָ, באַלד, זיידע, אין אַ מינוט אַרום...

דוד לייב, דער רב פון היקעסוויל, פאַרטראַכט זיך: אָפּגעלעבט ברוך השם זיבעציק יאָר, זין און טעכטער דערצויגן, זיי געגעבן אַ יידישע דער־ציונג און פירן זיך אויף ווי גויים: — צעזייט און צעשפּרייט זענען זיי אין־בער אַמעריקאַנער גרויסע זינדיקע שטעט. ער איז דערפאַר אַנטלאָפן אַהער, נישט געוואָלט צוזען ווי זיינע קינדער פירן זיך אויף. אין גרויסע שטעט זענען דאָ אַ סך רשעים, אין קליינע שטעטלעך ווייניקער רשעים...

שוין עטלעכע וואָכן, ווי דאָס יינגל קומט פון דער ישיבה גלייך צום זיידן און באָבעס הויז. שוין באַלד אַ יאָר, ווי דער עלף־יאָריקער בערעלע לערנט אין דער ישיבה: ער איז געוואָרן זייער פרום און וויל נישט עסן אין טאַטע־מאַמעס הויז: — ער האָט אַליין געזען, ווי זיין מאַמע קאָכט אויף מילך אינעם זעלבן טעפּל, ווו זי קאָכט פלייש... שעפּן דער זיידע מיט דער באָבען נחת, ווען בערעלע דערציילט זיי דאָס ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל. דוד לייב זעט עפּעס ווי אַ צייכן פון „אויבן", אַז עס איז פאַרט באַ־שערט, אַז כאָטש איינער פון זיינע קינדס קינדער זאָל גיין אין זיינע דרכים.

מיט אַ מאָל גיט זיך האַסטיק אַ פראַל־אויף די טיר. אויפן שוועל באַווייזט זיך קלאַראַ, די שנור, נאָך איר גייט נאָך איר מאַן מענדי: ער באַגריסט זיך מיט אַ שטילן: — „גוט שבת". די הויכע קלאַראַ מיט די פייערדיקע רויטע האָר און צעפלאַמטע באַקן טוט אַ שנאַפּל אַרויס אַ בייזן „העלאָ". בערעלע לויפט זיי אַנטקעגן:

— וואָס מאַכסטו פּאַ, וואָס מאַכסטו מאַמע?

— וואָס זאָל איך מאַכן? אַ באַיטשיק וואָס וויל וויסן וואָס זיינע על־טערן מאַכן, דאַרף קומען אַהיים און נישט — — — אָבער מענדי, אַ בליי־כער, וואָס איז מיט אַ האַלבן קאָפּ נידעריקער פון זיין ווייב, טאַרעט איר

ביים אַרבל, ווינקט מיט די אויגן, אַז זי זאָל שווייגן... נעכעלע מישט זיך פּלוצעם אַריין: — נו, טוט אויס די מאַנטלען, קינדער, זעצט זיך אַוועק, איך האָב פאַר אייך אָנגעגרייט אַ ביסל טשאָלנט, טעם גן־עדן. אָבער קלאַראַ, וועלכע איז אָנגעלאָדן מיט כעס, ענטפערט בייז:

— אין אַמעריקע עסט מען נישט קיין טשאָלנט „שוויג", מען עסט בעסער „טשאַפּ סואי". איך בין געקומען אָפּנעמען מיין קינד — פּלאַצט זי פּלוצלונג אַרויס — ער קאָן דאָ גיין צו אַ ראַבאַי, דער מיסטער פּיוועלע־וויטש איז אַ גוטער ראבאי און לערנט מיט פלענטי יידישע קינדער און ער וועט אים שוין אויך אויסלערנען דעם בר־מצוה־„ספּיטש"!

— עס גייט דאָ נישט בלויז אין אַ בר־מצווה־דרשה, עס גייט אין דעם, אַז ער זאָל אויסוואַקסן אַ פאַרכטיקער ייד! — רעדט דוד לייב אַרויס מיט אַ פעסט קול.

— איך בין נישט קיין גויע, כאָטש איך בין דאָ געבוירן — ענטפערט קלאַראַ באַליידיקט.

— טאַטע, דו מעגסט עס וויסן, — מיין ווייב האָט איינגעקויפט צוויי־ערליי געפעס, פאַר מילכיק און פליישיק...

— דו הערסט, בערעלע, צוויי סעטס דישעס האָב איך געקויפט צוליב דיר, נו, האָסטו אַלץ פיינט דער מאַמען?

— ניין, מאַ, איך האָב דיך ליב, דעם טאַטן, דער באָבען מיטן זיידן אויך, אַלע האָב איך ליב.

— ווילסט גיין אַהיים?

בערעלע שווייגט.

— איך האָב דיר געקויפט אַ שליטן!

— אַ נייער?

— יאָ, אַ נייער און מיט גלעקלעך.

ביי בערעלען צעצינדן זיך די אויגן: — בלויז אין דער וואָכן וועל איך זיך גליטשן, — און ער קוקט אויפן זיידן מיט בעטנדיקע אויגן.

— מעג איך, זיידע, גיין אַהיים?

— מיט גוואַלד קאָן איך דיך נישט האַלטן, — זאָגט ער מיט אַ געבראָכן קול און אַ געבויגענעם קאָפּ, — אָבער איין זאַך פאָדער איך, אַז — פון דער

ישיבה זאָלט איר אים נישט אַרויסנעמען. איך וועל ווייטער צאָלן, דאַרפסט זיך חלילה נישט זאָרגן. פון דיינע שכירות, וואָס דו פאַרדינסט אין באַנק, וועט נישט סטייען פאַרן יינגל.

בערעלע איז שוין אָנגעטאָן אין וואַרעמען פעלצל, אין די קאַלאָשן. ווען ער שטייט שוין ביי דער טיר־דרייט ער זיך פלוצלונג אויס און זאָגט:

— זיידע, איך וועל זיין אַ פרום יינגל און יעדן שבת וועל איך קומען אַהער צו דיר און צו דער באָבען עסן טשאָלנט און לערנען.

מען געזעגנט זיך שנעל אָפּ. די שנור וואַרפט דעם לעצטן „גוד באַי". די שטוב ווערט ליידיק און פוסט. מען הערט בלויז דעם רעגלמעסיקן גאַנג פון דעם אַלטמאָדישן וואַנט־זייגער.

דוד לייב גייט מיט שלעפעריקע טריט צו צום פענצטער, זעט ווי זיין זון, שנור און אייניקל דערווייטערן זיך אַלץ מער און מער פון זיין הויז.

בערעלע שפרינגט אויפן הויכן שניי ווי אַ יונג הירשעלע. מיט אַ מאָל דרייט זיך דוד לייב אויס צו זיין ווייב און זאָגט מיט אַ געבראָכן קול:

— נעכעלע, איך האָב מורא, אַז קיין גרויסער צדיק וועט שוין פון אים נישט אַרויסקומען.

# שוואַרץ־ווייס

די באַן איז געלאָפן משונהדיק גריננג. פאַר די פענצטער האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן צעבליטע פעלדער, טאַבאַק־פּלאַנטאַציעס, צעבויגענע הייז־לעך, אויסגעהאַקטע ביימער, זומפּן און „שעקס". אין וואַגאָן זענען צע־וואָרפן געזעסן פּאַסאַזשירן. זיי זענען געווען אַריינגעטאָן אין לייענען. איך פאָר פון טאָראָנטאָ צוריק קיין ניו־יאָרק. די שעהען שלעפּן זיך מורא־דיק לאַנג. איבערן וואַגאָן הענגט אַ גרויע לאַנגווייליקייט. ס'איז דאָ אומעטיק און נודנע. דער קאָנדוקטאָר רופט אויס:

— ראָטשעסטער!

די באַן בלייבט שטיין, אין וואַגאָן קומען אַריין צוויי פּאַסאַזשירן. מיט אַ מאָל לייגן כמעט אַלע אַוועק דאָס לייענען און קוקן מיט גרויס שטוינונג און אויפגעריסענע אויגן אויף דער אַריינגעקומענער ווייסער עלטערער פרוי, וואָס פירט ביים האַנט אַ נעגער־ייִנגעלע פון אַ יאָר פיר. די פרוי זעצט זיך געמיטלעך אַוועק אויף דער באַנק אַנטקעגן מיר. זי שטעלט אַוועק איר וואַליזקע, טוט אויס דאָס מאַנטעלע פונעם ייִנגעלע. זי קעמט צו דעם קינדס שוואַרצע האָר, וואָס זענען געקרייזלט, ווי ביי אַ שעפּס. די שוואַר־צע אייגעלעך פינקלען מיט פייער, די הויט טונקל־ברוין. ער רייסט זיך פון די ווייסע הענט וואָס האַלטן אים פעסט. מיט אַ מאָל טוט ער זיך אַ ריס אַרויס און שוועבט שטיפעריש איבערן וואַגאָן. דאָס נעגער־ייִנגעלע באַ־טראַכט יעדע זאַך מיט גרויס נייגעריקייט און הנאה. די פּאַסאַזשירן קוקן אים נאָך מיט שפּאַנונג. אויך איך בין צווישן די נייגעריקע... איך פּרוּוו טרעפן ווער זיי זענען, און ווי אַזוי קערן זיי זיך אָן? איך קאָן בשום אופן נישט קומען צו קיין אויספיר.

די באַן שלענגלט זיך רויק. די רעדער הוזשען און וויגן זיך ריטמיש אויף די רעלסן: טשע־טשע־טשע־טשע — און פּלוצלונג, מיט גרויס אימ־פּעט האָט זיך די באַן געטאָן אַ פאַרדריי... זי האָט שווער געסאָפּעט. מיר

פאָרן אַריין אין אַ טונעל. אַ רגע איז פינצטער. ס'האָט אַ טרייסל געטאָן מיט די פּאַסאַזשירן. מיט אַ מאָל הערן מיר אַ מוראדיקן געשריי:

— גרעגנדמאַ! (באָבע).

ס'ווערט צוריק ליכטיק. דאָס דערשראָקענע, שוואַרצע ייִנגעלע טוליעט זיך צו דער ווייסער פרוי, און יענע נעמט אים איין מיט גרויס צערטלעכ־קייט. די פּאַסאַזשירן קוקן זיך שטום איבער. אָבער זייערע אויגן רעדן: אַזוי, אַזוי? אַ באָבע מיט אַן אייניקל גאָר. און זי, די ווייסע פרוי, באַנעמט זייערע שפּיזלדיקע בליקן, טוט זי זיך האַסטיק און מיט רוגזה אַ דריי אויס צום פענצטער, ווי זי וואָלט זאָגן:

— נאַ, קוקט אויף מיין פּלייצע!...

נאָך עטלעכע שעה פאָרן האָבן די פּאַסאַזשירן זיך גענומען צוגעוווינען צו דער שוואַרץ־ווייסער באָבע מיטן אייניקל. זיי האָבן זיך ווידער פאַרטיפט אין לייענען. די פרוי האָט ווי דערפילט, אַז די שפּאַנונג איז שוין אַריבער, האָט זי זיך גענומען פרייער באַוועגן. איך האָב מיט אַ ווינקל פון אויג נאָכגעקוקט זייער יעדע באַוועגונג. די נייגעריקייט פון וועלן וויסן, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. דערצו האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די פרוי איז אַ ייִדישע. דאָס ייִנגעלע איז פּלוצלונג שטיין געבליבן אַ שמייכלדיקער לעבן מיר. איך האָב אַרויסגענומען אַ שאַכטל מיט שאָקאָלאַד. דאָס קינד האָט מיט פרייד גענומען עטלעכע שאָקאָלאַד־קעס, דערביי געקוקט צו דער באָבען מיט פרעגנדיקע אויגן. יענע האָט זיך וואַרעם צעשמייכלט, געהייסן זאָגן: אַ דאַנק. באַלד נאָך דעם האָב איך אַרויסגענומען אַ ייִדישע צייטונג און איך האָב זיך פאַרטיפט אין לייענען. איך בין זיך מודה — מיט אַ באַהאַלטענער כוונה. אין אַ ווײַלע שפּעטער איז די ווייסע פרוי געשטאַנען לעבן מיר און געזאָגט: —איך זע, איר לייענט ייִדיש, איז דאָך שוין גאָר קיין פראַגע נישט, אַז איר באַלאַנגט צו מיין פאָלק. און איך — האָט זי געזאָגט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג — האָב אייך גאָר אָנגענומען פאַר אַ שפּאַנישע אָדער אַן איטאַליענערין... איך האָב אַ דעפּרייטע געמאַכט פאַר איר פּלאַץ לעבן זיך.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און זיך פאַרגעשטעלט:

— מיין נאָמען איז דאָראַ גאָלד.

·
·
·

## שרה האַמער־דזשאַקלין

איך האָב איר געזאָגט מיין נאָמען. ס׳איז אַוועק אַ שמועס: וועגן וועטער, וועגן יקרות און אויך דערפון, ווי שווער ס׳איז צו קריגן אַ גוטע דירה פאַר אַ צוגעגנגלעכן פרייז. מיט אַ מאָל האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— עס ווונדערט אייך גאָרנישט, וואָס אַ ווייסע פרוי האָט אַ שוואַרץ אייניקל?

די אומגעריכטע פראַגע האָט מיך אַ ביסל צעטומלט, און איך האָב איר געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין רעכט ביי אייך צו פרעגן, אפילו ווען עס ווונדערט מיך... זי האָט צופרידן אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איך זע, אַז איר זענט אַן איידעלע פרוי און אַ פאַרשטענדלעכע. פאַר אַזאַ פרוי — ווילט זיך מיר אַראָפּרעדן פון האַרצן. איך בין אין קלעם און קאָן זיך קיין עצה נישט געבן.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, עפּעס ווי נאָכגעטראַכט, און אָנגעפאַנגען:

— מען זאָגט, אַז דער מענטש איז זיך אַליין דער גרעסטער שונא. אָבער ווער קאָן אין פאָרויס וויסן, וואָס שפּעטער וועט פּאַסירן? דער שותף אין מיין אומגליק איז מיין אייגענער מאַן. די צרה איז נאָר, וואָס ער וויל דאָס נישט אָנערקענען און וואַרפט די גאַנצע שולד אויף מיר. צו וואָס לייקענען? ער איז גראָד אַן אינטעליגענטער מענטש, קלוג, סימפּאַטיש, אָבער אַ גרויסער עקשן. שפּאַרט ער זיך איין וועגן עפּעס, וועט שוין קיין שום אַרגומענט נישט העלפן. ער בלייבט ביי דאָס זייניקע.

איך שטאַם פון פּראָסטע אָרעמע מענטשן, אָבער ערלעכע און האָרעפּאַשנע. מיין מאַן דאַקעגן קומט פון אַ משפחה פון „גאָלע שמאַלץ" — רבנים, סוחרים און „באַנק קוועטשער". ער פאַרגעסט קיין מאָל נישט זיין יחוס. ווען איך האָב מיינעם באַגעגנט, איז ער געווען פרום געשטימט, אָבער נישט קיין פאַנאַטיקער. איך בין, וואָס מען רופט „סעלף עדזשוקעי־טעד", האָב אַ סך געלייענט און בין אַלע מאָל געווען פאַר דעם אָרעמען און אונטערדריקטן, מיט אַ פרייען קוק אויפן לעבן. קיין פרומע בין איך קיין מאָל נישט געווען. איך בין אָבער געווען פול מיט האָפענונג, אַז מיינער וועט סוף־כל־סוף אַרויס פון די „פרומע שיך"... אַז מען איז יונג און פאַר־

ליבט, כאָטש איך מוז דאָ באַמערקן, אַז זייער יונג זענען מיר בײדע שוין נישט געווען, דאָך איז אונדזער ליבע געווען אַ פּלאַמיקע.

מיר האָבן חתונה געהאַט און געווען גליקלעך. איך האָב געמוזט האָבן מילכיק און פלײשיק געפעס, צינדן ליכט יעדן פרייטיק צו נאַכטס. שבת פלעגט מען גיין אין שול דאַווענען, דאָס איז געווען דער אײנציקער שטער אין אונדזער גליקלעכן צוזאַמענלעבן.

איך האָב אָבער נישט אויפגעגעבן מײן קאַמף. שטיל, אָן סקאַנדאַלן, פלעג איך אים מיטנעמען צו פאַרזאַמלונגען, פּראָגרעסיווע לעקציעס. איך האָב אים אונטערגערוקט צײטונגען, זשורנאַלן פון דער פרייער פּרעסע, געגעבן צו לייענען ביכער. אַ לייענער איז ער געווען אַ גוטער. ער האָט ביסלעכווייז אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שימל... און צו מײן גרויסער פרייד, איז ער אַוועק פון זײנע פאַנאַטישע איבערצייגונגען און געוואָרן אַ מענטש מיט אַ פרייען קוק אויפן לעבן. אויס מילכיק און פלײשיק!... אונדזער הויז איז געוואָרן דער זאַמל־פונקט פון פרייהייטס־קעמפער. ביי אונדז איז נישט געווען קיין אונטערשיד פון שוואַרץ, ווייס, אָדער געל. אַלע מענטשן זענען געבוירן געוואָרן גלייך.

אונדזער גליק איז געוואָרן פאַרפילט מיטן געבוירן ווערן פון אונדזער טעכטערל. איך האָב זי דערצויגן אין פרייען גייסט, זי האָט זיך גוט געלערנט און געענדיקט קאָלעדזש מיט אַ גרויס אויסצייכענונג. מיר האָבן זיך בײדע געגרויסט מיט אונדזער געראָטענער און שיינער טאָכטער. זי איז ביי אונדז די אײנציקע.

מײן מאַן איז אַן אַרבעטער, אָבער זייער אַ גוטער פאַרדינער. איך בין אַלע מאָל געווען די פולשטענדיקע באַלעבאָסטע איבערן געלט. קאָנט איר שוין אַליין פאַרשטיין, ווי גליקלעך איך בין געווען.

נאָר מיט אַ מאָל האָט ער זיך גענומען „בונטעווען", ער האָט פּלוצלונג איבערגעקערט דעם פעלץ. אַלץ, וואָס איז געווען גוט און וויל פריער, איז געוואָרן שלעכט און בייזווויליק איצט... ער האָט כסדר קריטיקירט. געזאָגט, אַז ער איז אַנטוישט איבעם גרויסן אידעאַל, וואָס האָט געדאַרפט פירן צו פרייהייט... מען האָט אים אָפּגענאַרט!

פון אונדזער פרידלעכער היים איז געוואָרן אַ גיהנום. מיר זענען

אַלע מאָל געווען אין אַ מין קריגס־צושטאַנד... דערצו האָב איך באַמערקט, אַז ווען ער איז אין אַ שלעכטער שטימונג, כאַפּט ער זיך ווידער צום ספר. עס גייט אַ וואָרט: „מיט וואָס דער טאַפּ איז אָנגעברענט, מיט דעם שפּירט זיך דאָס". מיין מאַן איז געוואָרן מער פאַרביטערט. ער האָט זיך שוין מער נישט געקריגט, געשוויגן. אָט דאָס עקשנותדיקע שווייגן איז פאַר מיר געווען ערגער ווי די גרעסטע גוואַלדן.

און אָט אין דער צייט קומט איין מאָל אַהיים אונדזער טאָכטער און לאָזט וויסן, אַז זי האָט שוין געפונען איר באַשערטן. זיי האָבן זיך ביידע ליב אָן אַ גרענעץ, און זי האָפט, אַז מיר וועלן גאָרנישט האָבן דאַקעגן, וואָס דער יונגער מאַן איז אַ נעגער... און טאַמער יאָ? וועט זי אונדז סיי ווי סיי נישט הערן. עס איז שוין אַ באַשטימטע זאַך ביי ביידן, אַז זיי וועלן גאָר אין גיכן חתונה האָבן...

צו זאָגן, אַז איך בין געווען צופרידן מיטן שידוך, וואָלט געווען אַ ליגן. איך וואָלט אוודאי געוואָלט, אַז מיין געראָטענע טאָכטער זאָל זיך אויס־קלייבן איינעם פון אונדזערע... איך האָב דעמאָלט אויך גענוג איינגע־טענהט מיט איר. אָבער זי האָט געהאַט איין ענטפער:

— מאַמע, איר האָט דאָך מיר געלערנט, אַז אַלע מענטשן זענען גלייך!

געזען, אַז דאָס איז אַ פאַרפאַלענע זאַך, האָב איך מיר אָפּגעווישט די ליפּן, אַ קניפּ געטאָן אין באַק, אַז די פאַרב זאָל שטיין... און גענומען גרייטן צו חתונה. אָבער, ווי ס'האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן האָב איך געמאַכט דעם חשבון אָן דעם בעל־הבית — מיין מאַן האָט געזאָגט, אַז ער וויל נישט דעם שידוך, וויל נישט קיין חתונה. ער האָט אויפגעהערט מיר געבן זיינע וועכנטלעכע שכירות, צוגעטיילט דאָס ביטיקע, און געזאָגט, אַז ער וויל איר נאָמען מער נישט הערן.

זיי האָבן חתונה געהאַט אין „קאָורט", זיך איינגעאָרדנט אַ היים אין האַרלעם. נישט געקוקט אויף מיין מאַנס פּראָטעסטן, בין איך פון צייט צו צייט געגאַנגען צו מיין טאָכטער.

ווען דאָס ערשטע מיידעלע איז געבוירן געוואָרן, האָב איך צו אים אַפּעלירט, געבעטן, געוויינט. ער איז געבליבן איינגעשפּאַרט און ס'קינד

נישט געוואָלט אָנקוקן. קומט זי אַ מאָל, אַנטלויפֿט ער פֿון הויז... זיי לעבן זיך גליקלעך, אַזוי זאָגט זי, מיין טאָכטער... ס'איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד, אויך אַ מיידעלע, אָבער ער, מיינער, איז נאָך קיין מאָל ביי זיי נישט געווען. ער פֿאַרלאַנגט גאָר פֿון מיר, אַז אויך איך זאָל אַהין נישט גיין.

ווען ס'איז געבוירן דער, זאָל לעבן, האָט זי אָנגעוויזן אויף איר שוואַרצן אייניקל, און איך האָב מיין מאַן אָנגעזאָגט די בשורה, איז ער געוואָרן בלייך, ווי די וואַנט, און געפֿרעגט מיט גאַל:

— נאָך וועמען זאָל מען אים אַ נאָמען געבן? נאָך מיין זיידן, דעם זשיוּוניצער רב, צי אפֿשר נאָך מיין פֿאָטער, עליו השלום, דעם גרויסן למדן און פֿרומען יידן, שמואל יעקב דעם סופֿר? האַ, ווי מיינסטו?!

ער האָט צו מיר טענות, הלמאי איך גיי אַהין... ער וויל דאָס נישט ליידן. איך בין דאָך אַ מאַמע, און אַ קינד איז אַ קינד, אפֿילו ווען עס גליטשט זיך אויס. ביי לייטן קינדער און אייניקלעך ביינדן צוזאַמען; ביי אונדז איז דאָס דער גרעסטער ריס. זייער אָפֿט ווילט זיך מיר אַנטלויפֿן פֿון מיין אייגענער הויז. ווען עס ווערט מיר זייער ביטער, פֿאָר איך צו מיין שוועסטער אין ראָטשעסטער, אַן אַלמנה נעבעך, די איינציקע, וואָס פֿאַרשטייט מיין בראָך... מיין מאַן ווייסט נישט, אַז איך האָב דאָס מאָל מיטגענומען לייזערקען... יאָ, מיין זאָרג ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער. מיינע צוויי אייניקלעך, די מיידלעך, זענען שוין דערוואַקסענע, גייען אַרום מיט יונגע־לייט, פֿון זייערע... איר פֿאַרשטייט? — האָט זי געזאָגט מיט אַ זיפֿץ — איך האָב מורא דערפֿון צו רעדן מיט מיינעם... ער האָט זיך לעצטנס שטאַרק געעלטערט און קרענקט אונטער. וואָלט איך געווען יינגער, וואָלט איך אים פֿאַרלאָזן און געגאַנגען אַרבעטן. האָב איך שוין אָבער מער נישט קיין כּוח פֿאַרן שאַפֿ... דערצו איז מיר אַ רחמנות אויף מיין אַלטן. באַלד וועט ער „ריטאַיערען" און זיין אויף קעסט ביי דער רעגירונג. איך שרעק זיך פֿאַר יענער צייט, ווען איך וועל זיך מוזן היטן און גנבענען יעדן וויזיט צו די קינדער. איך טראַכט פֿון פֿאַרשידענע פּלענער און קאָן זיך צו גאָרנישט דערטראַכטן...

זי איז געבליבן זיצן שטיל, געקוקט מיט שטאַרע אויגן.

די באַן האָט זיך דערנעענטערט צו ניו־יאָרק. מען האָט שוין געזען:

שטאָטישע הייזער, פאַבריקן און וואַלקן־קראַצערס. מיט אַ מאָל האָט זי־זיך אַ כאַפּ געטאָן און געזאָגט:

— דאַכט זיך, אַז איך בין שוין באַלד אין דער היים. איך וועל אויס־שטייגן אין האַרלעם און צופירן ס׳קינד צו מיין טאָכטער... לייזערקע, לייזער! — האָט זי געררופן.

באַלד איז דאָס ייִנגעלע אויסגעוואַקסן לעבן איר. זי האָט אים אָנגע־טאָן דאָס מאַנטעלע, אַרויפגעכאַפּט אויף זיך איר זשאַקעט, גענומען די וואַליזע און זיך מיט מיר געזעגנט, ווי מיט אַן אַלטע באַקאַנטע. דער קאָנ־דוקטאָר האָט אויסגערופן:

—125 סטריט סטעישאַן!

די באַן איז שטיין געבליבן. באָבע און אייניקל האָבן אויסגעשטיגן. איך בין געפאָרן ווייטער צו דער הויפּט־סטאַציע פון גרענד־סענטראַל און די גאַנצע צייט געטראַכט פון דער מאָדנער באַגעגעניש.

# א מויד מיט א קינד

פלאָראַ איז געזעסן ביים שפּיגל, אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ צווענגל און פאַרזיכטיק געצופּט די ברעמען. אירע רויטע צעשויבערטע האָר זענען נאָכלעסיק געהאָנגען איבער אירע ווייסע אַקסלען. דאָס צע־בלימלטע הויז־קלייד איז געווען צעשפּילעט און געוויזן צוויי האַלב־קיילעכדיקע ברוסטן.

אויף דער ערד האָט אַרומגעפּויזעט אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר, אַ טונקל־הויטיקער, מיט אַ קעפּל שוואַרץ־געקרויזטע האָר. זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן האָבן מיט וווּנדער געקוקט אויף די פאַרשידענע טעפּ, וואָס ער האָט כסדר צוזאַמענגעשלעפּט. דערביי האָט ער מיט אַ הילצערנעם לעפל געקלאַפּט אויף אַ בלעכענעם בעקן. און מיט אַ מאָל, עפּעס אַזוי ווי דאָס אַלץ איז אים שוין נמאס געוואָרן, האָט ער זיך געטאָן אַ שנעלן דריי און געשוויגד צוגעפּויזעט צו אַ שענקל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. ער האָט זיך מיט שווערע מי אויפגעשטעלט, געטאָן אַן עפן דאָס טירל און אַרויס־געשלעפּט אַ לעקעך. ער האָט אַנגעבראָכן שטיקער און דאָס געפּאַקט אין פּיסקל אַריין. זיינע ראָזעווע בעקעלעך האָבן זיך שטאַרק צעפּלאַמט. ער האָט פון גרויס הנאה אַרויסגעלאָזט מאָדנע קינדישע קלאַנגען:

— גרא—בו—בא—

פלאָראַ האָט אויפגעהויבן די אויגן, דערזען ווי איר קינד האַלט דעם לעקעך אין הענטל, האָט זי זיך צעשריגן:

— אוי, אַ בראָך זאָל דיר געשען! דעם גאַנצן „קעיק”, אַנדערש ווילסטו נישט? זי האָט זיך האַסטיק אַ הייב געטאָן, צוגעלאָפן צום קינד און אַרויסגעריסן דעם לעקעך. ס׳ייִנגעלע האָט זיך צעוויינט און אויסגע־שטרעקט די הענטלעך. זי האָט אָפּגעשביטן אַ שטיקל און געזאָגט:

— נאַ־נאַ, אוצרל מיינס, און עס געזונטערהייט.

ס׳קינד האָט דאָס אָבער נישט געוואָלט נעמען. ער האָט געוויזן אויפן

גאַנצן לעקעך. — דו וואַקסט אַ פּרעסער, ווי דער טאַטע דײַנער, דער אויס־ווורף. און זי האָט אים צוגעגעבן נאָך אַ שטיקל: — נאַ, פּײַוועלע, און הער אויף צו וויינען.

פּײַוועלע האָט אויפגעהערט וויינען. ער האָט מיט ביידע הענטלעך געפּאַקט דעם זיסן קוכן און מויל אַריין. און באַלד האָט ער זיך ווידער צו־ריקגעקערט צו די טעפּ און געטראַסקעט אויף זיי מיטן הילצערנעם לעפל. פלאַרא האָט זיך צוריק פאַרנומען מיט איר פריערדיקער אַרבעט פון צופּן אַ ברעם. דערביי האָט זי געטראַכט פון מישען, דעם פאָטער פון איר קינד, וועמען זי האָט אַ ליב געהאַט, אַ פיינט געהאַט. צום הונדערטסטן מאָל האָט זי אים אָוועקגעוואָרפן און צום הונדערטסטן מאָל איז זי אים נאָכגע־לאָפן און געוועזן גליקלעך, ווען ער האָט איר צוריק גענומען. איר גרויסער באַגער איז געוועזן, אַז ער זאָל מיט איר שטעלן אַ חופּה. אָבער פון דעם האָט ער נישט געוואָלט הערן. איצט האָט זי געטראַכט פון אַ סורפּריז, וואָס זי האָט פאַר אים צוגעגרייט, וואָס דאַרף אים אָנכאַפּן ביי דער זיבעטער ריפּ... זי איז געוועזן אַזוי פאַרזונקען אין אירע טראַכטענישן, אַז זי האָט אַפילו נישט געהערט, ווי מישאַ איז אַריין אין הויז.

אויפן שוועל האָט זיך באַוויזן אַ הויכער שטאַרקער יונג, אין די דרייַ־סיקער יאָרן, מיט אַ קאָפּ שוואַרץ־געקרייזלטע האָר און שוואַרצע פלאַמיקע אויגן. ער איז געוועזן באַלאָדן מיט פּעקלעך. דער ערשטער וואָס האָט זיך דערפרייט מיט אים איז געוועזן ס׳קינד, וואָס איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער געווען געראָטן אין דעם אַריינקומענדיקן פאַרשוין.

— דאַ־דאַ־דאַ, האָט ער זיך צוגעריטשט צו זיין פאָטער און אים אָנגעכאַפּט ביי אַ פוס. מישאַ האָט אָוועקגעלייגט די פּעקלעך, אַ כאַפּ געטאָן ס׳קינד אויף די הענט און אויסגערופן:

— זונעלע! — נאַ, — ער האָט אויפגעפּאַקט אַ פּעקעלע און אים דער־לאַנגט אַ ביקס. אַ צווייטן פּעקל האָט ער אַ וואָרף געטאָן צו פלאָרען און געזאָגט: — קאָך דאָס אָפּ: וווּרשטלעך. ערשט איצט האָט ער באַמערקט ווי פלאָראַ צופּט די ברעמען.

— וואָס פּיצסטו זיך אַזוי? דו גייסט אויף אַ חתונה?

— ס׳קומען היינט אַהער פיינע, רייכע לייטע אָנקוקן ס׳קינד. זי האָט גערעדט שטיל און געלאַסן.

— איך פאַרשטיי נישט, האָט מישאַ געזאָגט, וואָס קומען זיי עפּעס אָנקוקן מיין קינד?!

— ווייל איך גיב אים אַוועק פאַר אַדאָפּשען.

— פאַר וואָס?!

— אַדאָפּטירן צו פרעמדע. גוטע, פיינע לייטע וועלן ווערן זיין טאַטע־מאַמע... איך וועל מיר זיין אַ פרייער פויגל און באַסטאַ! אַז איך וועל פריי ווערן, וועל איך גיין אין ביזנעס.

דער יונג, וואָס איז געשטאַנען מיטן קינד אויף די הענט, איז געבליבן געפּלעפט. ער האָט ווי פאַרלוירן ס׳לשון. ער האָט אַראָפּגעלאָזט פּייוועלען אויף דער ערד און מיט אויגן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט פייער, האָט ער אַרויסגעכריפּעט:

— אַ בראַנד זאָל דיך אַוועקלייגן! אַ מאַמע ביסטו? אַ הורן־מויד!... אַ מאַצאָכע! אַפילו אַ קאַץ וויל זיך נישט שיידן מיט אירע קעצעלעך.

— איך וויל אויך נישט, אָבער איך קאָן מיר נישט העלפן. אַ קינד דאַרף האָבן אַ טאַטן.

— איך לייקן דען, אַז איך בין זיין טאַטע? איך גיב יעדע וואָך אַ פּאָר דאָלער — וויפל איך קאָן... ער האָט פון די הויזן־קעשענעס אַרויסגעכאַפּט אַ פּאַפּירענע אַסיגנאַציע און דאָס געטאָן אַ לייג אַוועק אויפן טיש. נאַ, 5 דאָלער. אַז איך וועל פאַרדינען מער, וועל איך געבן מער...

— אָבער ס׳קינד וועט אַלץ בלייבן אַ ממזר! — האָט פלאָראַ פאַרגעזעצט אין זעלבן קילן טאָן. איך וויל נישט מען זאָל אויף אים טייטלען מיט די פינגער. אַז ער וועט אָנפאַנגען גיין אין סקול דאַרף ער האָבן מעטריקעס, און איך וויל אים אויך מער נישט שלעפּן יעדן אין דער פרי צו מיין מומע הודל, און אים אָפּנעמען ווען איך קום פון דער אַרבעט.

— וואָס פעלט אים ביי דער גוטער מומען? — האָט דער יונג געפּרוווט זיך איינשטעלן פאַר זיין קינד. זי איז אים געטריי, ווי אַן אייגענע מאַמע.

— וואָס וועט ער זיך דאַרטן לערנען? שפּילן קאָרטן? זי איז טאַקע אַ גוטע, העלפט מיר מיט געלט. זי איז אָבער צו אַלט צו כאָוועז אַ קינד, און

אויב דו ווילסט נישט מיט מיר חתונה האָבן, האָב איך נישט קיין אַנדער אויסוועג.

— ווייסט דאָך, איך קאָן נישט... טאָר נישט. ס׳קאָן זיך נאָך אָפּזוכן מיין ווייב...

— דאָס גלייב איך דיר מער נישט. זי איז אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן. ווען נישט די שוואַרצע דזשעני, וואָלט מיין קינד איצט געהאַט אַ טאַטן...

— איך בין זיין טאַטע און קיינער וועט אים ביי מיר נישט אַוועקנעמען. דו הערסט ? קיינער נישט ! איך וועל דאָס נישט דערלאָזן, האָט ער גע־דונערט.

— אין וועלכן ספר פּראַלניק איז פאַרשריבן, אַז דו ביסט זיין טאַטע ? ! די קאָנסט מיר נישט שטערן, איך וועל טאָן וואָס איך וועל וועלן. אַז איך בין זיין מאמע קאָן איך באַווייזן. קאָנסטו אפשר באַווייזן, אַז דו ביסט זיין טאַטע ? אַז די פיינע מענטשן וועלן אים אַדאָפּטירן, וועלן זיי אים לאָזן לערנען און אים מאַכן פאַר אַ דאָקטאָר... און דו גיי דיר אין קאַבאַרעט צו דער שוואַרצער דזשעני, קלאַפּ אויפן פויק און בלאָז דאָרטן אויפן טרומ־פייטער. גיי, גיי צו דער אַלטער מכשפה !

— ווער געהרגעט, האָט מישאַ אַרויסגעזשיפּעט. ער האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויסגעלאָפן. פלאָראַ האָט אים נאָכגעשריען :

— מיט אַ פּוס אונטערן אָרעם, קאַטערינשטשיק !...

פון די געוואַלדן און פונעם זעץ מיט דער טיר האָט זיך ס׳קינד דער־שראָקן און אַרויסגעלאָזט אַ יעלה. פלאָראַ האָט אים אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט, געהוידעט און געטרייסט :

— וויין נישט, לעבן מיינס. איך וועל דיך נישט אַוועקגעבן פאַר קיין מיליאָנען און מיליאָסן. שאַ, שא אוצרל, דאָס האָב איך דאָך מיך איבער דיר געקריגט. אין פייער און וואַסער וועל איך גיין... איך וועל נישט רוען ביז דער אויסוורף, דער שאַרלאַטאַן וועט זיך נישט אונטערשרייבן שוואַרץ אויף ווייס, אַז ער איז דיין טאַטע. ס׳קינד האָט זיך ערשט איינגעשטילט, ווען זי האָט אים געגעבן אַ פלעשעלע מילך. זי האָט אים אַוועקגעלייגט

אין בעטל. זי איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן, האָט אויסגעקלויבן אַ נומער און אַריינגערעדט אין טרייבל:

— העלאָ, מומע הודל?... יאָ, יאָ, ער איז דאָ געווען, יעס, גערעדט און גערעדט... אָבער ס'אַרבעט נישט... ניין, ער וויל נישט... געזידלט און איז אַנטלאָפן... וואָס? געדולד? אַ ברירה האָב איך?... לעבן זאָל ער אַזוי... וואָרטן? שור... וועט ווערן אויסכאַפּן אַ מויד מיט אַ קינד... איך האָב „פּלענטי" צייט... אָה, רעדסט נאַרישקייטן. ס'קינד איז אַלרייט. האָט נעבעך געוויינט, ווען דער טאַטע זיינער איז אַנטלאָפן. וועל אים מאָרגן אין דער פרי ברענגען. גוט באַי, מומע!

מומע האָדל איז געווען אַן אלמנה. אַ פרוי אין די שפּעטע זעכציקער יאָרן, פון נידעריקן וווקס, אַ ברייטע, מיט אַ געקנייטשט פּנים, רויטע ברעמען און גרויע האָר, וואָס האָבן נאָך אַדורכגעוואָרפן רויטע פעדעם. נאָר אויגן האָט זי געהאַט יונגע, בלויע, לאַכעדיקע. מען האָט איר אויך געהאַלטן פאַר אַ קלוגע און ווייבער האָבן ביי איר עצות געפרעגט. ווען איר מאַן האָט געלעבט, האָט ער געהאַט אַ יאַטקע און געהאַנדלט מיט טריפה פלייש און פאַרדינט אַ סך געלט. אין די יונגע יאָרן האָט מען שטאַרק גערעדט אויף איר, אָבער אויף דער עלטער איז האָדל געוואָרן זייער פרום און געפירט אַ כשרע קיך. נאָך איר מאַנס טויט האָט זי פאַרקויפט די טריפה יאַטקע, און כאָטש עס איז איר געבליבן אַ פאַרמעגן פון צוואַנציק טויזנט דאָלאַר, האָט מומע האָדל נישט געוואָלט עסן פון גרייטן. זי האָט זיך איינגעשטעלט אַ נייע פרנסה. ביי איר אין הויז האָבן מענער און פרויען געשפּילט אין קאָרטן. דאָס שפּילן הייבט זיך אָן רעגלמעסיק יעדן נאָכמיטאָג און ענדיקט זיך אין דער שפּעטער באַכט. פון די געלטער, וואָס ווערן אַראָפּגענומען פון יעדן קאָן, האָט זי אַ גוטן איינקונפט, דערצו האָט זי זייער ליב די פריילעכקייט וואָס הערשט אַרום טיש. און טאָמער צעקריגן זיך די קאָרטן־שפּילער און ס'ווערט אַ טומל, איז די מומע האָדל, ווי אַלע רופן זי, די איינציקע, וואָס ווייסט ווי זיי איינצושטילן און איבערבעטן.

קיין קינדער האָט זי קיין מאָל נישט געהאַט, און ווען איר שוועסטער, אַן אלמנה, איז אומגעקומען פון דער וועלט אַוועק, האָט האָדל גענומען איר דרייצן־יעריק מיידל צו זיך און איבער איר געוואַכט, ווי אַ מאַמע. ס'האָט

זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז פלאָראַ איז אַ צעלאָזן מיידל. זי האָט מער נישט געוואָלט לערנען. זי איז מיט יעדן טאָג געוואָרן מער ווילד און צע־לאָזן. צו פערצן יאָר איז זי אין גאַנצן מער נישט געגאַנגען אין שול. צו זעכצן יאָר האָט זי שוין געפירט ליבעס. די מומע האָט איבער איר געהאַט אַ קנאַפּע דעה. צו זיבעצן יאָר האָט פלאָראַ געטאָן אַלץ, וואָס איר האַרץ האָט גע־גלוסט... ווען זי איז צוואַנציק יאָר אַלט געוואָרן, האָט זי באַגעגנט מישען און זיך באמת איינגעליבט אין אים. זי האָט דעמאָלט אויפגעגעבן אַלע אירע קאַוואַלירן און פלעגט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ וואַרטן אויף מישעס קומען. די מומע האָדל האָט זיך זייער דערפרייט און געהאָפט, אַז מיט דעם וועט זי ענדלעך חתונה האָבן און זי וועט אויף אירע עלטערע יאָרן דערלעבן אַ ביסל נחת.

אין איינעם אַן אָוונט איז פלאָראַ געקומען אַהיים אַ טרויעריקע, אַ דער־שלאָגענע און געלאָזט וויסן דער מומען, אַז זי טראָגט און אַז זי איז שוין אין די הויכע חדשים און מען קאָן גאָרנישט טאָן... און אַז מישאַ וויל מיט איר נישט חתונה האָבן. די מומע האָדל האָט דערפון געהאַט גרויס האַרץ־ווייטיק. זי האָט שטאַרק געוויינט. נאָר ווען זי איז צו זיך געקומען פון דער ביטערער בשורה, האָט זי שטיל, אָבער פעסט געזאָגט:

—— דו וועסט האָבן ס׳קינד, און איך וועל זיך פאַר דיר אָננעמען. אַ וועלט איז נישט הפקר. ער וועט מיט דיר חתונה האָבן, ווי אַ טאַטע. האָב נאָר געדולד, פלאָרעשי. וועסט זען, אַז דיין מומע איז גערעכט.

האָט פלאָראַ געפאָלגט איר מומען. דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן. מ׳האָט דעם ייִנגעלע אַ נאָמען געגעבן נאָך דער מומע האָדלס מאַן, פייוול. און ליב האָט זי דאָס ייִנגעלע, ווי דאָס לעבן, ווי אַ געטרייע באָבע זאָרגט זי פאַר אים.

**

אַ יאָר איז שוין אַוועק זינט דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, אָבער מישאַ וויל נאָך אַלץ נישט הערן פון חתונה האָבן. פלאָראַ האָט שוין כמעט אויפגעגעבן אַלע האָפענונגען, אָבער נישט מומע האָדל! זי האָט נאָר איין ציל אין לעבן — צו פירן פלאָרען מיט מישען צו דער חופה. ווי אַ געניטער

גענעראַל קעמפט אויפן שלאַכט־פעלד, אַזוי קעמפט די מומע האָדל און פירט אַן אַ סטראַטעגישע שטילע מלחמה, אַן ווערטער, מיט דעם איינגעשפּאַרטן מישען. זי לערנט איר שוועסטערס טאָכטער ווי מיטצוקעמפן און זי איז זיכער, אַז סוף־סוף וועט ער זיך אונטערגעבן. — נישט מיט בייזן, חלילה, גיט זי כסדר פלאָרען אינסטרוקציעס. — דו וועסט אם־ירצה־השם אויספירן דאָס דייניקע. ס׳קינד האָט ער דאָך ליב, ווי זיין לעבן. דאָס איז אַ גוטע בייטש... אָבער געדענק, פלאָרעשי, האָב געדולד.

פרייטיק צו נאַכטס שפּילט מען נישט קיין קאָרטן אין דער מומע האָדלס הויז. דעמאָלט ווערט שבת אין שטוב. אַ גאַנצן טאָג פרייטיק פּאָרעט זי זיך אין קיך. קאָכט און באַקט און גרייט צו דעם שבת. דער טיש איז געדעקט מיט אַ ווייס טישטעך, צוגעדעקט מיט אַ ווייסע אויסגענייטע סערוועטקע זענען די חלות. איידער זי בענטשט ליכט, וואַרפט זי אַריין עטלעכע מטבעות אין דער צדקה־פּושקע און האָט דאָס געפיל, ווי זי קויפט זיך אויס פון דער זינד, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט דורך דער וואָך. ביים שבתדיקן טיש זיצט אַ מאָל אַן אַלטער לאַנדסמאַן, ווי אַן אורח אויף שבת, אַ מאָל אַן עלנטע קאָרטן־שפּילערין. אָבער שבת נאָך מיטאָג ווערט שוין צוריק „אין דער וואָכנס״ און דאָס שפּילן אין קאָרטן הייבט זיך ווידער אָן מיט אַ באַ־נייטן ברען.

אַ צערייצטער איז מישאַ אַרויס פון פלאָראַס הויז. דער האַרבסטיקער אָוונט איז געווען אַ כמאַרנער. דער ווינט האָט געריסן די שילדן. פונעם וואָלקנדיקן הימל איז געגאַנגען אַ דראָבנער רעגן. מישאַ האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי ס׳וואָלט אויף אים געהאָגלט מיט שטיינער. — וואָס האָט זי זיך פלוצלונג אַזוי צעבונטעוועט. אַלץ איז דאָך צווישן זיי לעצטנס גע־גאַנגען אַזוי גוט און ווויל. נו, אוודאי האָט זי אַ פּאָר מאָל געפּרוווט מיט אים אַ שמועס טאָן וועגן שטעלן אַ חופּה. אָבער עס איז שוין די העכסטע צייט זי זאָל פאַרשטיין, אַז פון דעם קען גאָר קיין רייד נישט זיין. ער האָט זיך איינגעאָרדנט אַ לעבן ווי אַ קייסער, און קיינער, אַבסאָלוט קיינער, וועט דאָס נישט צעשטערן! און מיט אַ מאָל וויל גאָר די רויטע מויד אומ־וואַרפן זיין קעניגרייך. קיין מאָל נישט! „נעווער״! — האָט ער הויך אויס־געשריען. אוודאי האָט ער זי ליב. און פאַר זיין פייוועלען איז ער גאָר

משוגע. אָבער מען קאָן זיין אַ גוטער טאַטע אָן די פיר דרענגלעך, האָט ער זיך געטרייסט. ניין, ער וועט קיין מאָל נישט אויפגעבן זיין בחוריש לעבן. אַ סוף וואָלט דעמאָלט געמוזט נעמען צו זיין פרייהייט, צו זיינע ליבעס...

יעדן טאָג האָט מישאַ געאַרבעט אַ פּאָר שעה אין אַ רעזורע און גע־גאָלט מענערשע פּנימער און געשוירן האָר. אין די אָוונטן איז ער פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מוזיקאַנט. ער האָט געשפּילט אינעם נאַכט־לאָקאַל ביי דער שוואַרצער דזשעני, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין אים און אים געצאָלט פאַר זיין באַראַבאַנעווען אויפן פּויק, כאָטש זי האָט זיין שפּילן געדאַרפט, ווי זי פלעגט זיך אויסדריקן, אויף אַ כפרה. איז איר ווערט געווען אַלע געלטער, אַבי ער זאָל כאָטש אין די נאַכט־שעהען זיין לעבן איר. ס'האָט איר שטאַרק פאַרדראָסן, זי האָט אים געמאַכט שטילע סקאַנדאַלן פאַר וואָרפן אייגעלעך צו דער בלאָנדער זינגערין. אָבער מישאַ האָט איר געהערט, ווי המן דעם גרעגער, און שטילערהייט זיך געזען מיט יענער...

מישאַ איז געווען אַריינגעטאָן אין אַ קבויל פון געדאַנקען, אַז ער האָט אַפילו נישט געפילט ווי ס'פאַלט אויף אים אַ רעגן. נאַסע טראָפּנס זענען אים געקראָכן אונטערן קאָלנער. ריטשקעס וואַסער זענען גערונען פון זיין קאַפּעליוש. ער האָט געוווסט, אַז עס איז פרייטיק און אַז ער דאַרף פריער ווי אַלע מאָל זיין אין נאַכט־לאָקאַל און די שוואַרצע דזשעני מוז שוין אוודאי אויסקוקן אויף אים מיט אויפגעריסענע אויגן. איצט האָט דאָס אים זייער ווייניק געאַרט. ער איז גאָר געגאַנגען אין דער פאַרקערטער ריכטונג, וואָס האָט געפירט צו דער מומע האָדל. יאָ, מיט איר וועט ער זיך דורכשמועסן. די אַלטע איז אַ קלוגע יידענע און זי וועט זיכער אים פאַר־שטיין און נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל זיין קינד אַוועקגעבן צו פרעמדע מענטשן. ער האָט וויל געוווסט, אַז זיין יינגעלע איז איר לעבן און צו איר וועט ער אַפּעלירן.

די מומע האָדל איז געזעסן איינע אַליין ביים שבתדיקן טיש. זי האָט שוין לאַנג געהאַט אָפּגעגעסן. די לעצטע פלעמעלעך פון די שבת־ליכט האָבן געצאַנקט, אויפגעלויכטן און געוואָרפן מיט אומעטיקע שאָטנס אויף די ווענט. דער חלב האָט געטריפט און פאַרשפּרייט אַ נישט־אָנגענעמען ריח.

אָבער האָדל איז געווען פאַרטיפט אין פינצטערע מחשבות. באַלד־באַלד וועט זי אויסגיין, ווי די ליכט. יענע וועלט האָט איר געשראָקן. זי האָט אַ סך געזינדיקט. זי האָט איצט די שולד געוואָרפן אויף איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, וואָס האָט זי פאַרנאַכלעסיקט און זיך אַרומגעפירט מיט אַנדערע ווייַ־בער. וואָלט זי כאָטש אַ קינד געהאַט, אַ ייִנגל, וואָס זאָל איבער הונדערט יאָר קדיש זאָגן נאָך איר, וואָלט ער איר אויסגעקויפט פון אירע זינד. זי האָט איר שוועסטערס קינד ווי אַן אייגענע טאָכטער דערצויגן. האָט יענע אַ ממזר אויף דער וועלט געבראַכט. זי וואָלט אַלץ אַוועקגעגעבן, אַז פלאָראַ זאָל ווערן אַ כשר ווייבל און ס׳קינד זאָל האָבן אַ געזעצלעכן טאַטן. ס׳זענען איר באַפאַלן פרומע געפילן. אפשר וועט פאַרט פייוועלע איבער הונדערט יאָר נאָך איר קדיש זאָגן? און זי וועט זיך נישט דאַרפן בראָטן אין גהינום. אוי, ווען גאָט העלפט איר און זי וואָלט געקאָנט מישעס פאַרשטייבערטע האַרץ רירן, איז אָבער דער יונג איינגעשפּאַרט, נישט פון אָרט צו רירן, אין אירע געדאַנקען שעלט זי אים מיט טויטע קללות.

ווי זי איז אַזוי געזעסן און געטראַכט, האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. זי האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ טיפן שלאָף און אויסגערופן:

— קאָם אין (אַריין)!

אויפן שוועל איז געשטאַנען מישאַ.

— סקאָצל קומט, מישינקע! — האָט די מומע האָדל אַ דערפרייטע אויס־געשריגן, איי אַ גאַסט. איך האָב נאָר וואָס געטראַכט פון דיר. נאַ, זעץ דיך, האָט זי אים אַנגעוויזן אויף אַ בענקל, אפשר אַ גלעזל, האַ?

ער האָט איר נישט געענטפערט און זיך נישט געזעצט, נאָר גלייך געפרעגט מיט אַן אויפגערעגטער שטים:

— איך וויל וויסן, צי עס איז אמת, אַז פלאָראַ גייט אַוועקגעבן ס׳קינד?!

— אַה, דאָס? נו, זעץ דיך קודם אַוועק, אז דו וועסט זיך באַרויִקן און נישט שרייען, וועלן מיר שמועסן. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ פלעשל בראָנפן אויפן טיש, האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך, אייגס דערלאַנגט דעם גאַסט און דאָס צווייטע צוגעטראָגן צום מויל און געזאָגט:

— זאָל דער אייבערשטער אונדז געבן דאָס גוטע געזונט און דו זאָלסט דערלעבן נחת פון דיין פייוועלען.

## שרה האַמער־דזשאַקלין

מישאַ האָט געטאָן אַ צי־אַרונטער דעם בראָנפן מיט איין שלונג. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און ווידער געזאָגט:

— מומע, איך האָב דאָך אייך עפּעס געפרעגט?!

— וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מישינקע, ס'טוט מיר אפשר מער ווי פון דיר. יאָ, זי גיט אים אַוועק. ס'גאָלדענע קינד וועט נעבעך אַדאָפּטירט ווערן פון פרעמדע. אָבער זייער פיינע לייטע...

דער יונג איז אויפגעשפרונגען: — זאָל זי ברענען ווי אַ פייער! מען גיט נאָך נישט אַוועק. איך האָב נאָך אויך עפּעס צו זאָגן!

— אוי, מישינקע, אַ לעבן אויף דיר. וואָס פאַר אַ טאַטע ביסטו אָן אַ חופה וקידושין? ס'קינד איז נעבעך אַ ממזר, דו מיינסט אַז פלאַראַ וויל זיך שיידן מיט אים? זי זאָגט אַז זי מוז דאָס טאָן...

ער האָט געטאָן אַ זעץ אין טיש און אויסגערופן: זאָל זי ברענען!

— מען גיט נאָך נישט! איך לעב נאָך אויף דער וועלט. נו, און איר וועט דאָס דערלאָזן? — האָט ער געקוקט אויף האָדלען מיט בעטנדיקע אויגן.

— איי, מישינקע, אַ זיס לעבן אויף דיר. רעג דיך נישט אויף. ס'איז מיר גענוג ביטער. אַוודאי וויל איך נישט. ס'קינד איז מיין לעבן. אַלץ אין דער וועלט וואָלט איך פאַר אים געטאָן. אָבער... האָט זי זיך פאַרהאַקט. מישאַ האָט אויף איר געקוקט מיט פרעגנדיקע בליקן. — פאַרשטייסט, ס'מאַכט זיך איר אַ טייערער שידוך... אַ רייכער מאַן מיט אַן אייגענעם "פּאָהן שאָפּ" וויל מיט איר חתונה האָבן. נאָר ס'קינד וויל ער נישט... וויל נישט קיין ממזר, זאָגט אַז ער וויל מיט איר האָבן אייגענע קינדער...

ער האָט אַ לאַנגן אויסגעצויגענעם פייף געטאָן און אויסגערופן:

— אַזוי איז די מעשה? איצט פאַרשטיי איך! נו, מעג איר נישט אַ כאָלערע פּאַקן?!

— שאַ, מישינקע, אַ לעבן אויף דיר, הער איר אויף צו שעלטן. זי איז נעבעך גענוג פאַרשאָלטן, אַ יתומה מיט אַן אומגעזעצלעך קינד. וואָס זשע, דו מיינסט אַז זי וויל אים? יענער לויפט איר נאָך, פּגרט פאַר אירע טריט. און זי? קומט אַהער, וויינט מיט ביטערע טרערן. זי קאָן נישט... איז נאָך אַלץ איינגעליבט אין דיר — נאָר וואָס זאָל זי

פאַרט טאָן? אַז דו זאָגסט זיך אָפּ פון שטעלן אַ חופּה, מען קאָן דאָך אייביק נישט זיין אַליין...

— נו, ווי קאָן איך חתונה האָבן, האָט ער געדעדט שוין אין אַ מילדערן טאָן, אַז איך האָב דאָך נאָך ערגעץ אַ ווייב...

— אַ לאַנג לעבן אויף דיר, מישינקע, דאָס איז דאָך אַ תירוץ פאַר דער עלטער־באָבען... אפשר פאַר דיין פלאָרען, אָבער נישט פאַר מיר. דיין געוועזן ווייב איז טויט, ווי אַלע טויטע, און פון יענער וועלט קומט מען נישט צוריק...

— איך מאַך נישט קיין לעבן, האָט ער זיך נאָך אַלץ געווערט, פון וואַנען וועל איך נעמען אויף פּרנסה פאַר אַ ווייב און קינד?

— זע'סטו, וועגן פּרנסה ביסטו טאַקע גערעכט. פון די עטלעכע שעה אַ טאָג, וואָס דו אַרבעטסט ביים באַרבער, קאָן מען טאַקע קיין לעבן נישט מאַכן. און פון טראַסקען אויף דער פּויק ביי דער שוואַרצער דזשעני איז דאָך גאָרנישט שביגאָרנישט.

— נו, דאָס זאָג איך דאָך טאַקע, האָט זיך דער יונג אָנגעכאַפּט און איז געוועזן צופרידן, וואָס די מומע האָדל שטימט מיט אים איין. — איך גיב דאָך איר פאַרן קינד וויפל איך קאָן.

— דאָס איז אָבער נישט קיין תירוץ, אַ לעבן אויף דיר... איך האָב שוין גענוג געטראַכט דערפון און בין געפאַלן אויף אַ גוטן פּלאַן. ווען דו הערסט זיך צו צו דער מומע האָדל, וואָס האָט דיך ליב ווי אַן אייגן קינד, און ווען דער אייבערשטער שיקט דיר צו אַ ביסל שכל, וואָלט דאָך דיר געקאָנט זיין ווויל און ליכטיק און וואָלסט דיר געלעבט ווי אַ רעגעלער גראָף.

— איך פאַרשטיי נישט! — האָט דער יונג געקוקט אויף איר מיט פרעגנדיקע אויגן.

— וואַרט, האָב געדולד! לאָז זיך דינען און הער מיך אויס מיט קאָפּ. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיינעם נישט אויף דער גאַנצער וועלט, אַחוץ פלאָרען מיטן קינד. זיי זענען מיין לעבן און נשמה. זיי זענען מיינע צוויי קינדער. ווען דו שטעלסט אַ חופּה מיט פלאָרען, האָב איך דיך גלייך פאַררעכנט פאַר מיין דריט קינד. איך האָב, געלויבט דעם אייבערשטן, אַ שיינע פאָר טויזנט דאָלאַר אין „קעש" און באַנדס אויך און וויל אייך העלפן. דאָ

אין הויז ליידיקט זיך אויס אַ „סטאָר" מיט פיר צימערן, וואָס איז ווי אַב־געמאָסטן פאַר אַ „ביוטי פּאַרלאָר". דו קענסט דאָך אַ ביסל שערן, דאָס איבעריקע וועסטו זיך צולערנען. וועסט אָנשטעלן עטלעכע מיידלעך. פּלאָראַ קאָן שוין גוט די מלאכה. איך וועל אייך איינאָרדענען אַ געשעפט מיט אַ ביסל ווירטשאַפט. דאָס איז דאָך אַ גאָלדענע ביזנעס. וואָלסט מיט דער צייט געקאָנט ווערן רייך. ווער ביסטו איצט? אַ „באָם", אַ גאָרנישט. וועסט חתונה האָבן, וועסטו האָבן דיין זון און ווייב. וועסט ווערן אַ באַלעבאָס, וועלן מענטשן דיך רעספּעקטירן, אַ לעבן אויף דיר. איך וועל אַכטונג געבן אויפן קינד און איבער הונדערט יאָר וועט איר מיך ירשענען. אַלץ וואָס ס'וועט איבערבלייבן, וועט דיר געהערן.

מישאַ האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די רייד, וואָס האָבן פאַר אים אויפגעעפנט אַ נייע וועלט פון אַ סך מעגלעכקייטן. דערצו האָט אים געקרענקט, וואָס אַן אַנדערער קאָן ביי אים צונעמען זיין פלאָרען. דער געדאַנק פון ווערן אַ מענטש פאַר זיך האָט אים געלאָקט. האָבן זיין קינד מיט זיך האָט אים דערפרייט. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט ער זיך געשראָקן אויפצוגעבן זיין פריי לעבן, ווערן אַ סטאַטיק — ניין, דאָס איז נישט פאַר אים. נישט פאַר מישען? זיין געדאַנקען־גאַנג איז ביי אים געגאַנגען אַהין און צוריק, ווי דער אומרו פון אַ זייגער. מיט אַ מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— ניין. איך וועל נישט אויפגעבן אַלץ. מיין פריי לעבן, דאָס שפּילן אין קאַבאַרעט!... און ווערן געפירט פון אַ ווייב, ווי אַ הונט אויף אַ שטריקל... נישט פאַר מיר!

— איי, מישינקע, אַבי איך האָב געמיינט אַז דו ביסט אַ קלוגער. ווער, איך בעט דיך, הייסט דיך אויפגעבן אַלץ? וואָס זשע, דו מיינסט טאַקע, אַז אַלע פאַרהייראַטע מענער זענען גאַלע צדיקים? אָט, שאַ, בעם טאַקע מיין אייגענעם גאָטזעליקן מאַן, אין ליכטיקן גן־עדן זאָל ער רוען, ער האָט מיך ליב געהאַט ווי ס'לעבן... נאָר איין מאָל אַ וואָך איז ער אַוועקגעגאַנגען אין שוויץ־באָד אויף אַ גאַנצע נאַכט. ער איז אַזוי געגאַנגען אין שוויץ־באָד, ווי דו גייסט אויף קוליעס! נו, און די נעכט, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער גייט שפּילן קאָרטן, ווייס איך וואָס?... מיינסט אַז איך האָב נישט געוווּסט,

ווו ער גייט? אַ קלוגע פרוי מאַכט אַ שווייג. און אַז דו, מישינקע, וועסט האָבן אַן אייגן געשעפט, אַ שטוב מיט קינדערלעך, וועט זי זיין געגוג פּאַרנומען... דו וועסט האָבן גענוג אויסריידן... פלאָרא איז נישט פון יענע, וואָס קוקן נאָך... אַז דו וועסט אם־ירצה־השם ווערן אַן עלטערער מענטש און זיין אַ טאַטע פון קינדער, וועסטו מיך בענטשן. איך בין צו דיר פּונקט ווי אַן אייגענע מאַמע. וואָס איך וויל זען אין דיר, זאָל איך דערלעבן צו זען אין פלאָרען מיטן קינד.

וואָס מער מומע האָדל האָט צו אים גערעדט, אַלץ מער האָט ער געבער־מען איינזען, ווי גוט אים וואָלט געקאָנט זיין. ער האָט געעפנט ס׳מויל. געוועזן גרייט אויף אַ גוטן צוזאָג, נאָר אין דער מינוט האָט ער ווידער חרטה גע־קראָגן. זיין מויל האָט זיך פאַרמאַכט און ער האָט עקשנותדיק געשוויגן.

די אַלטע האָט ווי פאַרשטאַנען זיינע צעמישטע געדאַנקען און זי האָט געלאַסן געזאָגט:

— דאַרפסט זיך נישט איילן מיט אַן ענטפער, נשמה מיינע, קיינער צוויגגט דיך נישט... לייג זיך גוט איבער, אָבער געדענק, וואָס אונדזערע חכמים פלעגן זאָגן: דער מענטש איז אַ מאָל זיך אַליין דער גרעסטער שונא.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט ווי אַוועקצוגיין.

— איך וועל אייך בעטן, האָט מישאַ געזאָגט מיט געפיל, איר זאָלט ווירקן אויף פלאָרען, אַז זי זאָל דערווייל נישט מאַכן קיין איבערגעאיילטן שריט און נישט אַוועקגעבן ס׳קינד.

— איך זאָג דיר צו, אַז דערווייל וועל איך איר אָפּהאַלטן פון אַן ערנסטן שריט און דו גיי געזונטערהייט אַהיים און לייג זיך איבער... און לאָז פון זיך הערן. זי האָט אים אַרויסבאַגלייט און נאָכגעשריען: „לאָז נישט גיין זאַכן אין דער לאַנגער באַנק אַריין, ס׳קען נאָך חלילה ווערן צו שפּעט...

*
* *

ס׳איז צווישן טאָג און נאַכט. מישאַ איז אָנגעטאָן אין אַ ווייסן כאַלאַט, ווי אַ דאָקטאָר. ער שטייט ביי דער קאַסע און ציילט געלט. אין ווינקל פון מויל שטעקט אַ סיגאַר. אויף דער רעכטער האַנט פון מיטלסטן פינגער

טראָגט ער אַ גאָלדענעם קדושה־רינג. קלאַראַ, אַ הויכע בלאָנדינקע, פון אומבאַשטימטן עלטער, מיט אַן אויסגעצאַצקעוועטער פריזור, שטייט איבער אַן עלטערער פרוי און פאַרבט אירע גרויע האָר אויף רויט. א יונג מיידל אין אַ ווייסן גאַרניטור קערט צונויף די אָנגעשווירענע האָר, וואָס ליגן צע־וואָרפן איבער דעם שיינהייטס־סאַלאָן. ביי אַ זייטיק טישל, וואָס איז באַ־שטעלט מיט קאָלירפולע פלעשעלעך, זיצט פלאָראַ און פאַרבט די נעגל פון אַ יונגער מיידלס פינגער. דער טעלעפאָן צעקלינגט זיך הויך. דאָס מיידל לייגט אַוועק דעם בעזעם, הייבט אויף ס'טרייבל און רעדט אַריין: מישעס ביוטי פּאַרלאָר... ווער? אַ פּאַרמאַנענט! פאַר ווען?... דזשאַסט אַ מי־נוט, פּליז!

— די מיסעס ראָזענפאַרב וויל אַן אַפּוינטמענט פאַר מאָרגן פרי — ווענדעט זי זיך צו איר באַלעבאָס. מישאַ קוקט אין בוך אַריין און זאָגט:

— פאַרנומען. ערשט איינס אַ זייגער קאָן איך איר געבן אַן אַפּוינט־מענט. פאַר אַ פּאַרמאַנענט.

און דאָס מיידל רעדט ווידער אַריין אין טרייבל:

— ערשט איינס, אַ זייגער... אָ, קעי — טהענק יו — און ס'מיידל נעמט זיך ווידער רייניקן. און מישאַ פאַרשרייבט די שעה ווען די מיסעס ראָזענפאַרב וועט קומען. פלאָראַ האָט שוין אָנגעשמירט אַלע נעגל פון דער מיידלס פינגער, גיט זי איר אַ טשעק, הייבט זיך אויף און זאָגט צו מישען:

— איך גיי אַריין אין שטוב. איך בין מיד.

— גיי, גיי געזונטערהייט, זאָגט ער צו זיין ווייב, סיי ווי סיי פאַרמאַך איך באַלד. די לעצטע קונים זענען שוין אַוועק, בלויז די בלאָנדע קלאַראַ דרייט זיך נאָך אַרום. זי שטעלט איבער די פלעשעלעך, רייניקט די בערשט־לעך. דער טעלעפאָן קלינגט ווידער. מישא הייבט אויף דאָס טרייבל: העלאָ... אָ, דו?! וויפל מאָל האָב איך דיר אָנגעזאָגט אַז דו זאָלסט אַהער נישט רופן!... איך קלאַפּ נישט מער אויפן פויק... איך האָב אַן אייגענע ביזנעס... אָ, נאָו... ניין! איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן!... אַ טאַטע פון קינדער...

וואָס זשע, איך דאַרף דיר אָפּגעבן אַ רעכענונג? ער האָט מיט אַ זעץ אויפגעהאַנגען ס׳טרייבל און איז אַ בייזער אַוועק פונעם טעלעפאָן. נאָר באַלד האָט ער קוק געטאָן אויף קלאַרען און זיך ברייט צעשמייכלט.

דורך דעם יאָר וואָס מישאַ האָט חתונה געהאַט מיט קלאַרען האָט אַ סך פּאַסירט. ער האָט אַן אייגן געשעפט, וואָס גייט אויף זיין נאָמען. אַזוי האָט ער געוואָלט און נישט אַנדערש, און די אַלטע האָט אים אַלץ נאָכגעגעבן. ער האָט גענומען אַ שייכהייטס־קורס און שנעל געכאַפּט דעם שניט נישט נאָר פון האָר שניידן, נאָר פון אַלץ. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער ספּעץ, און ווייבער פרעגן ביי אים ווי צו פאַרקעמען האָר און נעמען אָן זיינע עצות. פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן אַז נאָר ער, מישאַ, זאָל זיי מאַכן „שיין". ער זשאַ־לעוועט זיי נישט קיין קאָמפּלימענטן. דער אמת איז, אַז דאָס ביסל, וואָס ער קאָן, האָט ער קלאַרען צו פאַרדאַנקען, וואָס איז אַן אמתע ספּעציאַליסטקע אין יעדן געביט פון דעם דאָזיקן פאַך.

מישאַ פאַרשליסט די קאַסע און טוט אַ זאָג צו קלאַרען:

— נעם מער נישט אָן קיין „קאַסטימער". איך קום באַלד צוריק. און ער לאָזט זיך גיין צו אַ זייטיקער טיר, וואָס פירט צו זיין וווינונג.

אין עס־צימער ליגט פלאָראַ אויף אַ סאָפקע. אַרום רונדן טיש זיצט די מומע האָדל. אויף אַ הויך׳קינדער־בענקל זיצט ס׳קינד. אין האַנט האַלט די אַלטע אַ פּעשל קאָרטן. זי ציט אַרויס אַ קאָרט, וואַרפט דאָס לעבן קינד און רעדט מיט גרויס קענטעניש.

— זאָג, פּייוועלע, אַ טשיפּע זיבעלע.

— אַ שיפּע ציבעלע, — זאָגט ס׳קינד.

זי ציט אַרויס אַ צווייטע קאָרט, לייגט דאָס אַוועק. און דאָס, וואָס איז? ס׳קינד קוקט זיך איין און שווייגט.

— זאָג אַ „קווין".

— אַ פין...

— און דאָס איז אַ קייזער...

— אַ פייזער...

מישאַ דערזעט ווי די אַלטע לערנט ס'קינד שפּילן קאָרטן, צעשרייט ער זיך:

— איך בעט אייך, מומע, און לערנט נישט ס'קינד שפּילן קיין קאָרטן! לערנט אים בעסער דעם אַלעף־בית, אָדער די עי־בי־סי.

— איי, אַ געזונט אויף דיר, מישינקע, ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך אים אוודאי געלערנט... מיט גאָטס הילף, ווען ער וועט גיין אין סקול, וועט מען אים לערנען. ער וועט ביי מיר גיין אין חדר אויך און וועט אויס־וואַקסן אַ גוטער ייד.

— אַ דאָקטאָר וויל איך ער זאָל ווערן — רופט זיך פלוצלונג אָן פלאָראַ.

— מען קאָן זיין אַ דאָקטאָר און אויך זיין א גוטער ייד, זאָגט מישאַ. אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך. אַ טייער געבענטשט לאַנד. נו, ווי פילסטו, פלאָרענקע — ווענדעט ער זיך צו זיין ווייב.

— ס'נודיעט מיך נאָר צום ברעכן...

— ס'וועט איבערגיין... ווייסט גאָר וואָס? איך וועל אָנשטעלן נאָך אַ מיידל. איך וויל נישט אַז דו זאָלסט אַרבעטן ביז אין די הויכע חדשים. איך קאָן מיר, געלויבט צו גאָט, פאַרגינען, ס'געשעפט גייט גוט.

— גוט, אפשר נאָך עטלעכע וואָכן וועל איך אַרבעטן, ביז מען וועט איינבערעכן אַ ניי מיידל. זי וואַרפט מישען צו אַ דאַנקבאַרן בליק און מישאַ גייט צוריק אין געשעפט אַריין. מומע האָדל קלייבט צוזאַמען די קאָרטן, לייגט זיי צוריק אין שופלאַד אַריין, דערנאָך גייט זי צו צו פלאָרען. דאָס רעכטע אויג איז ביי איר האַלב פאַרמאַכט. דאָס לינקע טוט אַ לאַכנדיקן ווינק און זי טוט קלוגעריש אַ זאָג:

— נו, הא פלאָרעשי, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? געדולד, און מיטן גוטן... און אַ ביסעלע שכל. ער איז דאָך אַן אוצר, אַ צדיק, אַ גאָלדענער מאַן און אַ ברילי‏אַנטענער טאַטע... געלויבט דעם אייבערשטן, האָט זי פרום געזאָגט, וואָס איך האָב דערלעבט צו זען אַזאַ נחת.

אינעם שיינהייטס־סאַלאָן איז דער טאָג אַרבעט געווען פאַרענדיקט. די בלאָנדע קלאַראַ, אָנגעטאָן אין מאַנטל און הוט קוקט אין שפּיגל, דער־נאָך עפנט זי איר בייטל, קוקט דאָרטן אַריין, פאַרמאַכט דעם בייטל, עפנט

אים ווידער. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט אויף עפּעס געוואַרט. מישאַ גייט צו איר צו און זאָגט שטיל:

— ניין אַ זייגער.

זי טוט צופרידן אַ שמייכל, נאָר באַלד פאַרוואָלקנט זיך איר פּנים און זי זאָגט מיט פאַרוואורף:

— דאָס לעצטע מאָל ווען דו ביסט ביי מיר געווען, האָסטו אויך געזאָגט ניין און געקומען ביסטו מיט אַ שעה שפּעטער.

— דו ביסט דאָך עפּעס אַ קלוג מיידל, קלאַראַ, און דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין אַ פאַרהייראַטער מאַן...

# דער פּראָפעסאָר און זיין ווייב

פּראָפעסאָר צבי שאַטאַן איז געזעסן ביי אַ ווייס־געדעקטן טיש, ווו ער האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט עסן פרישטיק. זיין גרויער קאָפּ איז געווען איינגעגראָבן אין אַ צייטונג, אַ וויסלעכער רויך האָט זיך הויך געקייקלט אַרום זיין ליולקע.

קעגן איבער אים איז געזעסן זיין פרוי מרים, אַ געבויגענע, מיט אַ גע־קנייטשט פּנים און רויטע לאַמפּעס אַרום די אויגן, און פאַמעלעך געטרונקען אַ טעפּל קאַווע.

איבערן גרויסן, רחבותדיקן עס־צימער האָט געהויערט אַ גרויע לאַנג־ווייליקייט. מאַן און ווייב האָבן געשוויגן. עס האָט זיך בלויז געהערט דער מאָנאָטאָנער גאַנג פונעם וואַנט־זייגער... דורכן פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ כמאַרנער הימל, וואָס האָט אָנגעזאָגט אויף רעגן. אַ פּיצל זון האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך אַ געדיכטן וואָלקן, געוואָרפן גאָלד־פּאַסן אויף די אַמעטיקע ווענט.

מרים האָט געוווסט, אַז באַלד וועט איר מאַן אַוועקגיין צו זיין געליב־טער. ער וועט זיך העפלעך געזעגענען מיט איר און וועט צוריקקומען מאָנטיק, און זי וועט בלייבן אַליין. אַזוי גייט שוין דער רוטין איבער אַ פערטל יאָרהונדערט.

פּראָפעסאָר צבי שאַטאַן האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש און איז צוגעגאַנגען צו דער שראַנק. זיין הויכע פיגור איז געווען גלייך, די געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָבן נאָך בולטער געמאַכט זיינע גרויע האָר. זיינע ברוינע אויגן זענען געווען יונג, פריש און צאַפּלדיק, ווי ביי אַ בחור אין די צוואַנציקער יאָרן און נישט ווי ביי אַ מאַן אין די אָנפאַנג זעכציקער.

ער האָט פון דער שראַנק אַרויסגענומען אַ פאָרטפעל, אַ מאַנטל מיט אַ הוט און אַ שירעם. נאָך דעם איז ער צוגעגאַנגען צו זיין פרוי, זי אַ קוש געטאָן אין שטערן און געזאָגט:

— זײַ געזונט, מרים, איך װעל זײַן צוריק מאָנטיק. זי האָט נישט געענטפערט, האָט בלויז אָן אומבאַשטימטן שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ, געהערט װי ער פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און פֿאַרשװינדט. נאָך דעם האָט זי זיך אויסגעדרייט, געקוקט צום גרויען דרויסן, געפֿילט זיך ליידיק, װי אין אַ פּוסטער פֿאַס. אוי, װען זי װאָלט געקאָנט װיינען! אָבער זי קאָן נישט מער. די רויטקייט אַרום די אויגן האָט געװיזן, אַז זי האָט שוין לאַנג אויסגעשעפּט דעם קװאַל פֿון טרערן. געבליבן זענען בלויז רויטע פּלאַמעס און שלאָפֿלאָזע נעכט, און אַ שװאַכע האָפֿענונג, אַז אפֿשר װעט ער אויף די עלטערע יאָרן זיך אומקערן אין גאַנצן צו איר.

געװען מאָמענטן אין איר לעבן, װען זי האָט אים געװאָלט פֿאַרלאָזן, אַװעק װוּ די אויגן װעלן זי טראָגן. נאָר דער געדאַנק אַז זי װעט אויף די עלטערע יאָרן בלײַבן אַליין און יענע װעט װערן זײַן געזעצלעכע פֿרוי, האָט װידער געפֿירט צו איר עקשנותדיקן שװײַגן און װאַרטן...

מרים האָט אַ נערװעזע געשפּאַנט איבערן פּוסטן הויז, אין דרויסן האָט געכליאָפּעט אַ רעגן. פּלוצלונג איז זי שטיין געבליבן ביים װאַנט לעבן קאַמין, װוּ עס איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פֿון אַ יונגן פֿליער. צום מונדיר איז געװען צוגעשפּיליעט אַ מעדאַל מיט אַ פֿיאָלעטע לענטע און די „פּורפּל האַרט" — די גרעסטע אויסצייכענונג פֿאַר געפֿאַלענע סאָלדאַטן.

— דודל, מײַן זון, האָט זי שטיל געמורמלט — מײַן איינציקע טרייסט ביסטו געװען, פֿאַר װאָס ביסטו אַזוי יונג אַװעקגעריסן געװאָרן פֿון אונדז? װאָלסטו געלעבט, װאָלט איך אַלץ געקאָנט אַריבערטראָגן.

דער רעגן האָט געקלאַפּט אין די פֿענצטער, דער שטורעם האָט זיך צערעװעט, און מרימען װײַזט זיך אויס װי איר זון שעפּטשעט שטיל:
—איך פֿאַרשטיי דיך, מאַמע... איך פֿאַרשטיי.

אַ קלינגען פֿון טעלעפֿאָן האָט זי אויפֿגעװעקט פֿון אירע פֿינצטערע מחשבות. עס האָט גערעדט אַ באַקאַנטע, בעלאַ פֿוקס. געװאָלט װיסן װאָס זי טוט און איר פֿאַרבעטן צו זיך אין הויז. נאָר אַז מרים האָט אָפּגעזאָגט, האָט יענע פֿאָרגעשלאָגן, אַז זי װעט קומען צו איר. אויך דאָס האָט מרים שנעל אָפּגעזאָגט.

מרים גלייבט זיי נישט מער, די „פֿריינדינס" — האָט דאָך איר בעסטע

פריינדין אַ תל געמאַכט פון איר לעבן. אָט טאַקע די בעלאַ פוקס דערמאָנט איר אין איר געוועזענער פריינדין רחלע קליין.

דער נאָמען רחלע רופט ביי איר אַרויס אַ שוידער! מרים לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ סאָפקע, בלייבט זיצן אַן איינגעקורטשעטע און זעט צום הונדערטסטן מאָל איר בעסטע חברטאָרין, ראַכיל, ווי יענע פלעגט ליב האָבן מען זאָל זי רופן! אַזאַ שטילע, אַ געהאָרכזאַמע, און ווי יענע קומט צו איר אין הויז מיט אַ קליין ייִנגעלע ביים האַנט און ווי זי האַלט זיך אין איין באַקלאָגן אויף איר פינצטערן מזל. זי האָט אַ מאַן, וואָס באַהאַנדלט זי שלעכט. דערצו איז ער קאַרג און עגאָיִסטיש. זי האָט אים מער נישט ליב און קאָן אים נישט פאַרטראָגן. און איין מאָל האָט זי מודה געווען, אַז זי האָט באַשלאָסן אים צו פאַרלאָזן.

האָט איר מרים דעמאָלט אויפגעוויזן, אַז דאָס דאַרף זי נישט טאָן. זאָל זי האָבן אַ ביסל געדולד און סוף־כל־סוף וועלן זיי זיך איינלעבן. דאַן האָט דער פּראָפעסאָר צבי שאַטאַן זיך דאָ אַריינגעמישט און געזאָגט, אַז די בעסטע זאַך אין אַזאַ צעריסן לעבן, איז זיך צו שיידן. מרים האָט אויך דורך דער צייט באַמערקט, אַז ראַכיל פלעגט אָפט מיטגיין מיטן פּראָפעסאָר צו זיינע לעקציעס, זי פלעגט איר נאָך איבערלאָזן ס'קינד אויף וועלכן מרים האָט אַכטונג געגעבן. זי האָט אין דעם נישט געזען קיין שום שלעכטס. זי אַליין איז געווען צו פיל פאַרנומען מיטן הויז און קינדער.

ביז איין מאָל, האָט זי זיי געטראָפן ביי זיך אין שטוב אין זייער אַן אינטימער פּאָזע... האָט מרים דעמאָלט געמאַכט אַ שטילן סקאַנדאַל און באַפוילן איר פריינדין גלייך צו פאַרלאָזן איר הויז און זאָל יענע מער נישט וואַגן איר שוועל צו באַטרעטן.

צו איר גרויסער אַנטוישונג האָט זיך דאָ אַריינגעמישט איר מאַן און דורכויס באַשטאַנען, אַז ראַכיל זאָל, פונקט ווי פריער, זיין אַן אַריינגייערין אין זייער היים.

— און אַז נישט?! — האָט מרים אַ באַליידיקטע אויסגעשריען.

— גיי איך אויך אַוועק!

איז זי געבליבן שטיין אַ צעטומלטע, געקוקט אויף איר מאַן מיט אויפ־געריסענע אויגן, און נישט געקאָנט באַנעמען די שרעקלעכע ווערטער. און

מיט אַ מאָל האָט זי געהערט ווי זי דונערט אויס מיט עפּעס אַ פרעמד קול:
— גיי!

אין דעם אויגנבליק איז רחלע אַרויסגעלאָפן פון הויז. דער פּראָפעסאָר איז איר נאָכגעגאַנגען. שוין שטייענדיק ביי דער טיר האָט ער זיך פּלוצלונג אומגעדרייט און שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— איך גיב דיר אַ וואָך צייט צו באַשליסן...

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז פאַרשוווּנדן.

אַ ווײַלע איז מרים געשטאַנען ווי אַ פאַרשטיינערטע, געקוקט צו דער פאַרמאַכטער טיר מיט אויפגעריסענע אויגן, און מיט אַ מאָל, ווי זי וואָלט באַנומען עפּעס אַ שרעקלעכע זאַך, האָט אַ מוראדיקער רעווען זיך צע־הילכט איבערן הויז. איר יינגעלע האָט זיך דערשראָקן פאַר דער מאַמעס רעווען, האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט.

ווען מרים האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט און האָט גענומען נאָכ־טראַכטן, האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איר מאַן האָט געמיינט מיט זיינע לעצטע ווערטער: „איך גיב דיר אַ וואָך צייט!" וואָס זאָל זי באַשליסן? זי האָט זיך געטרייסט, אַז אָט באַלד וועט זיך עפענען די טיר, ער וועט אַריינקומען און ביי איר בעטן אַנטשולדיקונג. אָבער ניין! נישט אַזוי שנעל וועט זי אים פאַרגעבן...

זי איז געווען צופרידן וואָס פּונקט דעמאָלט איז איר צען יאָריקע טאָכ־טער געווען אין שול און זי האָט נישט צוגעזען די סצענע.

עס זענען אַוועק אַ טאָג צוויי און דריי און פּראָפעסאָר צבי שאַטאַן איז אַלץ נישט אַהיימגעקומען. מרים איז אַרומגעגאַנגען אַ צעמישטע, אַ פאַר־צווייפלטע. און איין מאָל האָט זי באַשלאָסן צו גיין צו איר פריינדין און זיך דורכשמועסן מיט איר. צו איר גרויסער אַנטוישונג איז דאָס הויז גע־ווען געשלאָסן. זי איז פון א שכנה געוווּיר געוואָרן, אַז ראַכיל איז זיך צע־גאַנגען מיט איר מאַן און איז אַוועק מיט אַ צווייטן...

פּונקט צו דער וואָך איז דער פּראָפעסאָר צוריקגעקומען. איין קוק אויף אים האָט איר געוויזן, אַז ער איז עפּעס אַן איבערגעביטענער, אַ ווייטער און אַ פרעמדער. נאָר דער פאַקט אַליין, אַז ער איז צוריקגעקומען, האָט איר געגעבן אַ געוויסע באַפרידיקונג. אָבער דער אינערלעכער שטאָלץ אין איר

איז געווען טיף באַליידיקט. די פרוי אין איר האָט געליטן. זי האָט פון גרויס צער אין גאַנצן אויפגעהערט מיט אים צו רעדן. זי האָט זיך אָפּגע־פרעמדט און דערווייטערט פון אים. ער האָט נישט פּראָטעסטירט, ווען זי האָט כסדר גענעכטיקט אין קינדס צימער.

דערפאַר האָט פּראָפעסאָר צבי שאטאַן אויסגעגאָסן זיין גאַנצע ליבע צו זיינע קינדער. מרים פלעגט מיט אַ ווינקל פון אויג דאָס אָבסערווירן און זי האָט אין דעם אופן, ווי אַזוי איר מאַן האָט געקושט און גערעדט צו זייער יינגעלע, אַריינגעטייטשט, אַז דאָ ליגט זיין גאַנצע חרטה, זיין בעטן פאַרגעבונג ביי זיין מאַמען.

אָבער נישט אַזוי האָט זי זיך פאַרגעשטעלט וועט זיין זיין צוריקקער אַהיים. פאַר וואָס שווייגט ער אַזוי עקשנותדיק? פאַר וואָס פאַלט ער נישט צו אירע פיס און בעט, זי זאָל אים מוחל זיין? וואָס לענגער ער האָט געשוויגן, אַלץ אומרויִקער איז זי געוואָרן. מיט דעם חוש פון אַ פרוי האָט זי דערפילט, אַז דאָס איז אַ שטיל שווייגן, איידער עס ברעכט אויס אַ שטורעם.

און סוף וואָך איז דאָס טאַקע געקומען. שבת גאַנץ פרי האָט מרים געזען, ווי איר מאַן עפנט די שאַפע, נעמט פון דאָרט אַרויס אַן אַנצוג, שיך און קלייניקייטן און לייגט דאָס אַלץ אַריין אין אַ וואַליזע. דעמאָלט האָט זי מיט אַ מאָל פאַרלוירן דעם גאַנצן קאָנטראָל איבער זיך און מיט עפּעס אַ פרעמד קול געטאָן אַ געשריי:

— ווּהין?!

ער איז נישט געווען איבעראַשט פון איר פראַגע. דער פּראָפעסאָר האָט אָוועקגעשטעלט דעם טשעמאָדאַן און מיט אַ געמאַכטער רויִקייט געזאָגט:

— צו ראַכילן. לאָמיר זיך דורכשמועסן, ווי דערוואַקסענע מענטשן. פאַראַן זאַכן, איבער וועלכע דער מענטש האָט נישט קיין קאָנטראָל. איך בין הילפלאָז. איך האָב ראַכילן ליב און איך וויל אַ גט... איך וועל דיך מיטן קינד...

ער האָט שוין נישט פאַרענדיקט, ווייל מרים איז עפּעס ווי ווילד געוואָרן. איר גאַנצער שטאַלץ, דאָס איינגעהאַלטענע שווייגן פון דער וואָך האָט

מיט אַ מאָל אויפגעריסן ווי אַ דאַמבע, וואָס פּלאַצט, און האָט געשווימט מיט פאַרפּלייצונג.

זי האָט געשריען, געוויינט, געריסן די האָר פון קאָפּ און כסדר גערעוועט:

— דו וועסט מיך אויף יענער נישט אויסבייטן!... דו וועסט צו יענער נישט גיין!...

זי האָט ווי אַ טיגער זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר און אַלץ געשריגן:

— גיין! דו וועסט נישט גיין! איך וועל דיר קיין גט נישט געבן! קיין מאָל נישט!

צבי שאַטאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט, געוואַרט, ביז זיין ווייב האָט זיך באַרויִקט, און ווען זי איז געבליבן ליגן אַ מידע, אַן אויסגעשעפּטע, האָט ער געלאַסן געזאָגט:

— נו, גוט, איך וועל נישט אַוועקגיין. איך שטעל אָבער אַ פאָדערונג.

מרים האָט זיך אויפגעזעצט, אַנגעשטעלט אַ פּאָר צעשראָקענע אויגן:

— איך וועל נישט צעברעכן די היים. איך וויל אויך נישט קיין סקאַנדאַלן... די קינדער האָב איך ליב. איך קאָן זיך אָבער נישט אָפּזאָגן פון ראַכילן. איך וועל זי זען יעדע וואָך געוויסע טעג. אַ מאָל אויך ענדע וואָך... פאַר דער וועלט וועט אונדזער לעבן זיין פרידלעך, פּונקט ווי פריער... אויב דו נעמסט נישט אָן אָט־די באַדינגונגען, באַשטיי איך אויף אַ גט. ענטפער מיר גלייך. איך וועל נישט אַוועקגיין, ביז דו וועסט מיר געבן אַ קלאָרן ענטפער. איין זאַך מוזסטו פאַרשטיין: אויב דו נעמסט נישט אָן מיינע באַדינגונגען, וועל איך אַרויסקריגן אַ גט אין אַן אַנדער שטאָט און דו וועסט דערביי גאָרנישט געווינען.

מרים האָט לאַנג נאָכגעטראַכט און באַשלאָסן, אַז איר פריינדין וועט אים סוף־כל־סוף במאס ווערן. זאָל זיך יענע גנבענען דורך הינטערשטע טירן. ווען ער וועט זיך אויסניכטערן וועט ער אַהיימקומען און פאַרגעסן די אַוואַנטורע.

נישט גרינג איז מרימען אָנגעקומען דאָס פועלן ביי זיך איינצוגיין אויף אַזאַ לעבן!...

דערפֿאַר אָבער איז דער פּראָפֿעסאָר געווען אויסערגעוויינלעך גאַנ־לאַנט און גוט צו זיין ווייב און קינדער. אַחוץ בלויז דאָס, וואָס ער פֿלעגט אויספּעלן אין הויז געוויסע אָוונטן און אָפּט סוף וואָך...

און אַזוי זענען געלאָפֿן יאָרן. פֿאַר מרימען זענען דאָס געווען יאָרן פֿון צער און פּיין, מיט אַ שוואַכער האָפֿענונג, אַז ער וועט סוף־כּל־סוף זיך באַ־פרייען פֿון יענער... בלויז איין מאָל האָט זי דערלעבט אַ נקמה. זי איז געוואָר געוואָרן, אַז ער זעט זיך מיט אַן אַנדערער און ראַכיל איז געווען שטאַרק אומגליקלעך, ווייל דאָס איז געווען יענערס אַ נאָענטע פֿריינדין, זי־טאַ... זאָל זי פֿילן דעם טעם, האָט דעמאָלט מרים געטראַכט און דערביי נישט געפֿילט קיין שום אייפֿערזוכט צו דער נייער געליבטער. ס׳האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. ער האָט ווידער רעגלמעסיק געזען ראַכילן. ס׳האָט איר נאָר פֿאַרדראָסן, וואָס דער פּראָפֿעסאָר, וואָס איז פֿאַר דער אויסער־לעכער וועלט אַלץ פֿאַרבליבן דער געטרייער פֿאָטער און גוטער מאַן, האָט זיך קיין מאָל נישט נאָכגעפֿרעגט, ווו זי גייט, מיט וועמען זי פֿאַרברענגט, ווען ער איז נישטאָ אין דער היים...

בלויז איין מאָל, ווען ס׳האָט זיי געטראָפֿן דאָס גרויסע אומגליק און זייער זון איז געפֿאַלן אין דער מלחמה, איז ער געוואָרן אַן איבערגעביטענער, איז געווען שטאַרק צעבראָכן. ער איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען, געווען איינגעשלאָסן אין זיך. אָפּט האָט זי געזען, ווי ער האָט שטיל געוויינט. זיי האָבן צום ערשטן מאָל פֿאַר לאַנגע יאָרן דורכגעמאַכט אַ רייזע. דעמאָלט איז מרים געווען זיכער, אַז מיט ראַכילן איז אַלץ געענדיקט. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך אַ ביסל באַרויקט און געקומען צו זיך פֿון זיין גרויסן פֿאַרלוסט, האָט זיך ווידער אָנגעפֿאַנגען דער זעלביקער רוטין ווי פֿריער...

און ווידער האָט ער אויסגעפּעלט אין זיין היים געוויסע אָוונטן און אָפּטע סוף־וואָכן...

האָט ער אָבער געדאַרפֿט אויפֿטרעטן אויף אַ געזעלשאַפֿטלעכער אונ־טערנעמונג, האָט מען דעמאָלט געזען דעם פּראָפֿעסאָר אין באַגלייטונג פֿון זיין פֿרוי.

מרים איז אַ מידע אויפֿגעשטאַנען פֿון דער סאָפֿקע. זי האָט זיך גע־שלעפּט איבער די פּוסטע צימערן און מיט אַ מאָל איז איר איינגעפֿאַלן, אַז

זי וועט גיין צו דער שוועסטער. נאָר דאָ האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי איז אַוועקגעפאָרן אין די בערג מיט איר פאַמיליע. וואָלט כאָטש איר טאָכטער געוווינט אין שטאָט. האָט זי זיך אָבער באַזעצט ווייט, וווינט מיט איר מאַן און צוויי קינדער אין סאַן פראַנציסקאָ. איז אפשר בעסער אַזוי. זאָל זי נישט צוזען דער מאַמעס צער.

ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט. זי האָט באַשלאָסן צו גיין אין קינאָ. מיט אַ מאָל האָט זי דערהערט אַ שליסן פון טיר. זי האָט זיך דערשראָקן און אויסגעשריען:

— ווער איז דאָרט?

נאָר אָנשטאָט אַן ענטפער איז אויפן שוועל געשטאַנען איר מאַן. ער האָט אויסגעקוקט בלייך און צעטראָגן. ער האָט אַן ווערטער אויסגעטאָן דעם נאַסן רעגן־מאַנטל, אַוועקגעשטעלט דעם שירעם און פאָרטפעל און איז אַריין אין זיין צימער. זי האָט געהערט, ווי ער שפּאַנט אַ נערוועזער אַהין און צוריק. נאָך אַ ווײַלע האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן. זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר און געפרעגט, צי וויל ער נישט עפּעס עסן. ער האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין. דעמאָלט האָט זי זיך אָנגענומען מיט קוראַזש און אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר: וואָס איז געשען?

— ראַכיל איז פּלוצלינג געשטאָרבן...

מרים האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר עפּעס האָט אין איר אויפגעזונגען. ווי שרעקלעך! — האָט זי דעמאָלט געטראַכט. אַ מענטש שטאַרבט — אירע אַ געוועזענע פריינדין — און זי דערפילט אַ פרייד... אפשר איז איר פאָרט באַשערט אויף די עלטערע יאָרן אַ ביסל רו און פרידן מיט דעם מענטשן, וועמען זי האָט באַך אַלץ ליב.

נאָר קיין רו און פרידן האָט ראַכילס טויט איר נישט געבראַכט. פאַרקערט, איר מאַן איז דורך די וואָכן פון זיין אַן אַ געליבטער געוואָרן איין שטיק נערוועזיטעט. ער האָט ווייניק געגעסן, שלעכט געשלאָפן.

מרים פלעגט הערן ווי ער שפּאַנט דורך די נעכט אין זיין צימער. זיין פריערדיקע איידלקייט איז טיילווייז פאַרשוווּנדן. ער פלעגט אויפשפּרינגען ביי דער מינדסטער פראַגע. ער איז אָפט איר באַפאַלן און געזידלט, זייער

לעבן איז געוואָרן אַ גיהנום. מרים האָט אָנגעפאַנגען בענקען נאָך יענע פרידלעכע שעהען, נאָך דער גרויסער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט איר אין די לעצטע יאָרן אַרויסגעוויזן, דווקא ווען ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער געליבטער...

מיט אַ מאָל האָט זיך אַלץ ווידער געביטן. פּראָפעסאָר צבי שאַטאַן איז געוואָרן רויִקער, איידעלער, צוגעלאָזן צו זיין פרוי. איר געקויפט מתנות, נאָכגעפרעגט זיך אויף יעדער קלייניקייט, געווען באַזאָרגט וועגן איר געזונט. אַ רויִקע פרידלעכקייט האָט זיך באַזעצט אין הויז, אָבער צו־זאַמען מיט זיין פרישער רויִקייט האָט ער אויך אָנגעהויבן אויספעלן געוויי־סע טעג און אָוונטן...

מרים האָט נאָכגעפאָרשט און איז געוואָר געוואָרן, אַז ער טרעפט זיך מיט ראָכילס פריינדין זיטאַ...

נאָר אָנשטאָט צו מאַכן סקאַנדאַלן און זיך ווידער אַריינלאָזן אין העפ־טיקן קאַמף, האָט זי, אַ רעזיגנירטע, אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט און שלום געשלאָסן מיט איר גורל...

# א ליבע

מלכהלה האָט פֿאַרזיכטיק פֿאַרקעמט אירע גרויע האָר, אויסגעגלעט ס׳צעקנייטשטע פּנים, און ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אין די 3 חדשים, וואָס זי געפֿינט זיך אין מושב זקנים, איז זי ייִנגער געוואָרן מיט אַ צוויי צענדליקער יאָרן. ווער וואָלט דאָס געקאָנט גלייבן, אַז זי איז שוין אין די טיפֿע זיבעציקער? אַז זי פֿילט זיך גאָר ווי אַ מאָל אין די יונגע יאָרן. ס׳האָט אויפֿגעהערט דאָס זשומען אין קאָפּ און די שווינדלעגישן פֿאַר די אויגן. און אַלץ דערפֿאַר, ווייל זי האָט דאָ באַגעגנט דעם לאַנדסמאַן כאַצקעלע ווײַנ־שטיין. מלכהלע פֿאַררויטלט זיך, זי שעמט זיך פֿאַר זיך אַליין. אַ ייִדענע אין אירע יאָרן זאָל אַזוי פֿילן און צאַפּלען איבער אַ מאַנצביל...

מלכהלע פֿאַרטראַכט זיך. עס הייבט זיך אויף אַ לאַנג־פֿאַרגעסענער פֿאַרהאַנג. זי איז אין דער היים, אַ יונג מיידל ביי פֿרומע טאַטע־מאַמע. ס׳האַלט, אַז זי זאָל אַ כלה ווערן פֿאַר כאַצקעלען, דעם איינבינדערס זון. מיט אַ מאָל האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען האָט אים געזען שבת נאָכן טשאָלנט אין ברעשנער וועלדל מיט זלאַטען דער דינסט־מויד. מלכהלעס עלטערן האָבן גלייך געבראָכן דאָס „וואָרט", און ס׳איז געוואָרן אויס שידוך. ס׳האָט נישט געהאָלפֿן איר וויינען און בעטן. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ טבע צו ריסעווען מענטשעלעך און חיות, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן גע־זאָגט אַז אַזעלכעס פּאַסט פֿאַר אַ גוי, אָדער פּוסט־און־פּאַסטניק. כאַצקעלע ווײַנשטיין איז מיט עטלעכע חדשים שפּעטער אַוועק קיין אַמעריקע. מלכהלע האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטן, אַ שטילן ישיבה־בחור, אָבער כאַצקעלען האָט זי קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן.

יאָרן שפּעטער איז זי אויך געקומען קיין אַמעריקע מיטן מאַן און דריי קינדער. איר זלמן איז געוואָרן אַ פּרעסער ביי ווייבערשע קליידער. ער האָט נעבעך נישט געטויגט צו דער אַרבעט... האָבן זיי געעפֿנט אַ „קענדי

סטאָר״ אויף ריווינגטאָן־סטריט. די קינדער האָבן געהאָלפן, זי האָט צוגע־האָלפן, און זיי האָבן מיט גרויס מאַטערניש געהאַט פּרנסה.

כאַצקעלע האָט דאָ געהייסן הערי ווײַנשטיין. זי האָט געהערט, אַז ער איז געוואָרן זייער רײַך. ער האָט געהאַנדלט מיט הײַזער. צוויי מאָל האָט זי אים דאָ געטראָפן: איין מאָל אויף אַ באָל, און אַ צווייטן מאָל אויף אַ באַנקעט פון די לאַנדסלײַט. ביידע מאָל איז ער צוגעקומען צו איר, פאַר־געשטעלט זײַן פרוי, אַזאַ הויכע, אַ שיינע, געווען באַהאַנגען מיט בראַסלעטן און בריליאַנטן. ער האָט איר אויסגעפרעגט ווי ס׳גייט איר. ווען זי איז געוואָרן אַן אלמנה, איז ער געקומען צו איר מאַנס לוויה. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אין די יונגע יאָרן. מער האָט זי אים נישט געזען.

מלכהלע האָט מער נישט חתונה געהאַט. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון גוטע שידוכים. זי איז אין גאַנצן געווען אַרײַנגעטאָן אין דערציִען אירע קינדער, זיי מאַכן פאַר מענטשן. די יאָרן זענען געלאָפן, די קינדער זענען אויפגעוואָקסן, האָבן חתונה געהאַט. מלכהלע איז געוואָרן אַ באָבע. זי האָט אַנגעהאַלטן איר דירהלע, געפירט ווירטשאַפט, געקאָכט, געבאַקן. איז געקומען אַ שבת, צי אַ יום־טוב, זענען אירע קינדער און אייניקלעך זיך צונויפגעקומען, און זי איז געווען צופרידן צו זײַן אַ מאַמע און אַ באָבע. נאָר עפּעס זענען די יאָרן אַזוי געלאָפן. אָט ערשט געווען יונג, און אָט שוין אַ מאַמע, אַ באָבע!

איצט איז זי שוין אַן עלטער־באָבע. צוזאַמען מיט די יאָרן איז אויך געקומען אַ רוישן אין קאָפּ, אַ שווינדלעניש פאַר די אויגן. און ווען איר טאָכטער האָט זי איין מאָל געטראָפן אַ פאַרחלשטע, איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז מען טאָר די מאַמע מער נישט לאָזן אַליין. האָט די טאָכטער גערופן די ברידער צו באַשליסן, וואָס צו טאָן מיט דער מאַמען. אַלע האָבן זיי זי געוואָלט ביי זיך. נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז זי האָט נישט געהאַט ביי וועמען צו זײַן... דער עלטסטער זון איז אַ סעילסמאַן פון ווייבערישע אונטערוועש, איז זעלטן אין דער היים. דערצו האָט ער אַ קריסטלעכע פרוי, און פאַר מלכהלען איז זי אַ ווייטע און אַ פרעמדע.

דער ייִנגסטער זון וווינט מיט זײַן פאַמיליע אין באָסטאָן. ער האָט דווקא געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל זײַן ביי אים. האָט אים מלכהלע געזאָגט,

אַז זי וועט זיך אויף דער עלטער נישט קאָנען צוגעוווינען צו אַ נייער, ווייטער וועלט אין אַ פרעמדער שטאָט... געוווּסט האָבן אירע קינדער, אַז זי וואָלט שטאַרק געוואָלט זיין ביי דער טאָכטער. איז אָבער דאָרטן נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר איר. די טאָכטער מיטן איידעם, וואָס מאַכט נעבעך אַ געמוטשעט לעבן, וווינען מיט פינף קינדער אין אַ פּיצל דירהלע פון פיר קליינע קעמערלעך. איז געבליבן, אַז דער איינציקער פּלאַץ פאַר דער מאַמען איז אין מושב זקנים. אין אָנפאַנג האָט מלכהלע נישט געוואָלט הערן דערפון. אָבער נאָך אַ לאַנגן איינטענהן איז געבליבן, אַז די מאַמע וועט גיין אַהין בלויז אויף פּראָבע, אויף עטלעכע וואָכן. איר דירה האָט מען דערווייל נישט אויפגעגעבן. און אויב איר וועט די נייע היים נישט געפעלן, וועט זי קאָנען קומען צוריק צו איר אַלטער ווירטשאַפט.

מלכהלע דערמאָנט זיך, מיט וואָס פאַר אַ שווער געמיט זי איז גע־קומען אַהער. — ס׳איז דאָס פאַרהויז צו יענער וועלט — האָט זי צו זיך געזאָגט. געמיינט האָט זי דעמאָלט, אַז זי וועט דאָ קיין איין וואָך נישט איינזיצן. אָבער ווי נאָר זי האָט באַגעגנט הערי ווײַנשטיין, אָדער, ווי זי האָט אים ליב צו רופן, כאַצקעלע דעם איינבינדערס, האָט זיך אַלץ געביטן צום גוטן. זיי האָבן זיך ביידע שטאַרק דערפרייט. עפּעס אַזוי ווי מיט אַ גע־פונענעם אוצר. כאַצקעלע האָט זי שוין נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט אים באַשאָטן מיט פראַגן: ווי קומט ער, אַ רייכער מאַן, צו אַ מושב זקנים? האָט ער איר געענטפערט, אַז אַ רייכער מאַן קאָן אויך זיין איינזאַם, און אַז מיטן אָוועקגיין פון זיין גאַטזעליקער פרוי זענען זיך אויך צעלאָפן די קינדער.

— מסתמא וועט דאָס אייגענע אויך פּאַסירן מיט זייערע קינדער און קינדס קינדער — ענטפערט אים מלכהלע — אַזוי גייט די וועלט. קינדער באַרגט מען אונדז, ביז זיי וואַקסן אויס...

— אוי, מלכהלע, איך האָב דאָך גאַרנישט געוווּסט, אַז דו ביסט אַזאַ חכמה!

זיי רעדן נאָך לאַנג. און כאַצקעלע לאָזט איר וויסן, אַז ער וויל מאָלן איר פּאָרטרעט.

מלכהלע וויקלט זיך איין אין איר ווייסן שאַל. זי טוט נאָך אַ מאָל

אַ קוק אין שפּיגל און פאַרשעמט זיך. אַ יידענע אין אירע יאָרן זאָל נאָך אַזוי צאַפּלען איבער אַ מאַנסביל. נאָר באַלד טרייסט זי זיך וואָס זי איז דאָ נישט די איינציקע, וואָס האָט ליב צו פאַרברענגען מיט אַ מאַנספּערשוין... זי זעט גאַנץ ווויל, ווי די ווייבער זענען איר מקנא, וואָס כאַצקעלע דרייט זיך נאָר אַרום איר.

זי גייט מיט געמאָסטענע טריטעלעך צום שאָטנדיקן בוים, ווו ער, הערי, שטייט דאָרטן מיט אַ פּענדזל אין האַנט און וואַרט. ער דערזעט זי און צעשמייכלט זיך, באַטראַכט זי, און זאָגט צופרידן:

— גוט אַזוי, זעץ זיך אָט דאָ־אָ — ווייזט ער איר אָן אויף אַ הילצערנער באַנק.

— כ'האָב אפשר געדאַרפט אָנטאָן דעם קאָפּעליוש?

— ניין, ניין, מלכהלע, אָט אַזוי ווי דו קוקסט איצט אויס, ביסטו פאַר מיר דער מאָדעל פון אונדזערע מאַמעס און באָבעס.

און גלייך נעמט פּיבעריש טאַנצן זיין פּענדזל איבער דער קאַנווע. דערביי דערציילט ער איר, אַז זיין גאַנצן לעבן האָט אים געצויגן צום מאָלן. אָבער ווער האָט עס געהאַט צייט פאַר די נאַרישקייטן? איצט דערהאַלט אים די „נאַרישקייט"ביים לעבן.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען מלכהלע און כאַצקעלע זענען געגאַנגען שפּאַצירן, איז ער געווען שטאַרק פאַרטראַכט. איבער זייערע קעפּ האָט געהאַנגען אַ קלאָרער נאַכטיקער הימל. די לבנה איז זיי נאָכגעגאַנגען. פּלוצלונג איז ער געבליבן שטיין.

— מלכהלע, לאָמיר שטעלן אַ חופּה.

זי איז פון דעם זאָג געוואָרן אַזוי איבערראַשט, אַז זי האָט אויף דער מינוט ווי פאַרלוירן ס'לשון. נאָר ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי שטיל געזאָגט:

— ביסט חלילה אַראָפּ פון זינען? ביי די יאָרן?! דו ביסט נאָך עלטער מיט עטלעכע יאָר פון מיר. וואָס ווילסטו, אַז מען זאָל לאַכן פון אונדז? צו וואָס דאַרף מען דאָס? מיר זענען דאָך סיי ווי סיי צוזאַמען.

— ס'וואָלט געווען אַנדערש, מלכהלע. קודם וואָלטן מיר צוזאַמען געהאַט אַ דירה. איך האָב ליב אַ פאָר צו טאָן קיין אַטלאַנטיק סיטי, אָדער

לעיקוואוד. וואָלסטו מיטגעפאָרן. איך קאָן דאָך נישט מיטנעמען אַ פרעמ־
דע פרוי.

— איך וואָלט זיך געשעמט פאַר מיינע קינדער און אייניקלעך. זיי
וואָלטן געמיינט נישט אַנדערש, ווי איך בין חלילה משוגע געוואָרן.

וויפל ער האָט נישט געפּרוווט מיט איר איינטענהן, האָט זי זיך אַלץ
געהאַלטן ביי ס׳איריקע: ניין! כאָטש אין האַרצן האָט איר הנאה געטאָן.
זי האָט טאָג און נאַכט געטראַכט דערפון. און וואָס מער זי האָט זיך אַריינ־
געטראַכט אין כאַצקעלעס פאָרשלאָג, אַלץ מער האָט דאָס איר אָנגעהויבן
צו געפעלן. אָבער, ווי נאָר ער האָט אָנגעפאַנגען רעדן וועגן שטעלן אַ חופה,
האָט זי געהאַט איין ענטפער:

— הער אויף צו רעדן נאַרישקייטן.

אין איינעם אַ טאָג, איז אין מושב זקנים אָנגעקומען אַ נייע איינוווינערין.
באַלד האָט זיך פאַרשפרייט אַ קלאַנג, אַז דאָס איז מאַלי וועקסלער, וואָס
איז אַ מאָל געווען אַ באַרימטע סוברעטין אין יידישן טעאַטער. ס׳איז גע־
וואָרן אַ שטילע סומאַטאָכע. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פיל פון די זקנים
געדענקען זי נאָך זייער גוט פון די יונגע יאָרן. אַ סך האָבן געזונגען
אירע לידער און קופּלעטן.

מאַלי וועקסלער האָט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. ווי עס פּאַסט פאַר
אַ סטאַר, איז זי אַריינגעקומען אין אויפנאַמס־זאַל אַ ביסל שפּעטלעך. צום
ערשטן מאָל האָט זיך אין דער היים פאַר אַלטע לייט באַוויזן אַ בלאָנדע
„געבליטשטע" זקנה מיט אַ געקנייטשט פּנים, אונטערגעשמירטע אויגן
און אָנגעפאַרבטע רויטע באַקן. דערצו האָט זי נאָך געטראָגן לאַנגע אוירינג־
לעך, וואָס האָבן זיך געשאָקלט צוזאַמען מיט איר קאָפּ, ווי אויף ניין.
אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ בלוי זיידן קלייד מיט שוואַרצע לאַקירטע
שיך, אויף הויכע קלעצלעך. און די בלאָנדע האָר זענען געווען פאַרקעמט
אין אַ הויכן טורעם. באַלד איז זי געוואָרן אַרומגערינגלט פון די מאַנסלייט.
וואָס האָבן איר נאָך געדענקט פון די אַלטע גוטע צייטן. זיי האָבן איר
געמאַכט קאָמפּלימענטן און איר פאַרזיכערט, אַז זי קוקט אויס שיין, יונג
און רייצנד, און אַז זי האָט זיך גאָרנישט געעלטערט... זיי האָבן איר אַפילו
דערמאָנט אין וועלכע פּיעסעס זיי האָבן זי געזען. און מאַלי וועקסלער

האָט געשטראַלט פון פרייד. זי האָט מיט גרויס הנאה צוגענומען די קאָמ־פּלימענטן, ווי אַ מאָל די בוקעטן בלומען.

צווישן די פּאַרערער, וואָס האָבן זי אַרומגערינגלט, איז אויך געווען כאַצקעלע ווײַנשטיין. אויך ער געדענקט זי פון זײַנע יונגע יאָרן, און פון שפּעטער, ווען זי האָט געזונגען אין די וויין־קעלערס.

אין די פינף וואָכן, וואָס מאַלי וועקסלער געפינט זיך אין דער היים פאַר אַלטע לײַט, האָט זי אַרײַנגעבראַכט אַ שטאַרקע צערודערונג צווישן די מאַנסלײַט. זיי האָבן פּלוצלונג אָנגעטאָן פּאַרביקע שניפּסן. זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט אין זייערע שבתדיקע מלבושים אין מיטן וואָך. מאַלי זינגט פאַר זיי מיט אַ הייזעריקער שטים פון אירע אַמאָליקע שלאָגערס. אָבער איר קול ווערט פאַרטרונקען אינעם מענערישן כאָר, וואָס זינגט מיט. די ווײַבער שטייען דעמאָלט אָפּגערוקט אין אַ ווײַטן ווינקל. זיי ווילן הערן דאָס געזאַנג. אָבער זיי קוקן מיט קנאה אויף דער אַרײַנדרינגערין. זיי דערפילן, אַז עס האָט זיך אַהער אַרײַנגעריסן אַ שטאַרקע קאָנקורענטקע. עס גייט דערפאַר צווישן זיי אָן אַ שטילער באַיקאָט קעגן דער אַלטער מאַלי. זיי חברן זיך נישט מיט איר.

מיט אַ מאָל רוקט זיך אַרויס פון דעם ווײַבערישן ווינקל אָן אַלטיטשקע. זי שאַרט זיך מיט פּאַמעלעכע טריט צו צום כאָר און הייבט אָן מיטזינגען די אַלטע לידער, וואָס זענען איר געבליבן אין זכרון פון די יונגע יאָרן, ווען זי איז געווען אַ כאָריסטקע אינעם יידישן טעאַטער. די זקנות קוקן איר נאָך מיט האַס, ווי זי וואָלט געווען אַ סטרייק־ברעכערין. זיי קוקן אָבער מיט גרויס רחמנות אויף דער שווייגנדיקער מלכהלע, וואָס שטייט צווישן זיי מיט אַ געבויגענעם קאָפּ. זיי ווייסן וואויל, אַז צווישן מלכהלען און כאַצ־קעלען וועבט זיך אַ ליבע. און איצט דרייט זיך יענער אַרום דער אַקטריסע צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מענער.

אין איינעם אַ פרימאָרגן, ווען מלכהלע איז געגאַנגען אויף אַ שפּאַציר, האָט זי זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זײַטן. אפשר וועט פון ערגעץ איר קומען אַנטקעגן כאַצקעלע? ווען זי האָט אים נישט באַגעגנט, האָט זי זיך געלאָזט גיין צום וועלדל, וווּ ער האָט ליב געהאַט צו זיצן און מאָלן. זי האָט, צו איר גרויסער איבעררעשונג, דערזען ווי ער מאָלט אַ פּאָרטרעט פון דער

אַקטריסע. מאָלי איז געזעסן אַנגעטאָן ווי אַ שפּאַנישע סעניאָריטאַ, אין אַ ווייס קלייד, מיט אַ רויטן שאַל אַריבערגעוואָרפן וואָיל־יונגעריש אויף איין זייט אַקסל, מיט אַ רויטער בלום אין אירע האָר. כאַצקעלע האָט פּיבע־ריש געאַרבעט מיטן פּענדזל.

אַ ווײַלע איז מלכהלע געשטאַנען הינטער זײַנע פּלייצעס ווי אין אַ הינער־פּלעט. ס׳האָט איר אַ שווינדל־געטאָן אין די אויגן. זי האָט מיט אָנגעשטרענגטע טריט זיך גענומען דערווייטערן. ער האָט דערהערט טריט און זיך אויסגעדרייט. דערזען ווי זי לויפט, האָט ער גערופן: „מלכהלע, מלכהלע! קום אַהער!" אָבער זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט און נישט אָפּגעענטפערט אויף זײַן רוף. זי איז מיט שלעפּנדיקע טריט אַרײַן אין איר שטיבעלע. דאָרטן האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און זיך שטיל צעוויינט. זי האָט געטראַכט פון צוריקגיין אַהיים צו די קינדער. ס׳האָט איר איצט פאַרדראָסן ביז ווייטיק, פאַר לאָזן זיך אײַנרעדן אויפצוגעבן איר היים. זי האָט אײַנגעדרימלט ווי אַ שוואַך הינדל.

ווען מלכהלע האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען אין שפּעטן נאָכ־מיטאָג. זי האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בעט, באַטראַכט דעם פּאָרטרעט, וואָס כאַצקעלע האָט איר געשאָנקען. אַ יונג ביימל מיט צעבליטע צווייגן האָט אַרײַנגעקוקט דורכן פענצטער. די זון האָט זיך צעשפּרייט איבער דער שטוב, געגאָסן מיט ליכט אויף איר פּאָרטרעט און העלער געמאַכט די שטילע פאַרבן. אַ פליג האָט אײַנטאָניק געזשומעט.

מלכהלעס צער איז געווען טיף. ס׳האָט איר פאַרדראָסן, וואָס זי האָט אים געטריבן פון זיך. „ס׳איז נישט שיין". „וואָס וועלן מענטשן זאָגן?" „אין די יאָרן..." מיט די דאָזיקע מוסר־רייד אירע האָט זי אים געטריבן צו יענער...

אין אָוונט, ביים עסן, קומט כאַצקעלע צו איר טיש און פרעגט, פאַר וואָס זי איז עפּעס אַנטלאָפן. ביי מלכהלען בייטן זיך די קאָלירן, ווי ביי אַ כלה־מיידל. זי שטאַמלט, ברומט עפּעס אונטער דער נאָז, וואָס ער קאָן נישט פאַרשטיין. ער וואַרט אויף איר. און זיי לאָזן זיך גיין אויף אַ שפּאַ־ציר. מלכהלע שווייגט. ער רעדט. מיט אַ מאָל בלײַבט ער שטיין און פרעגט:

— ביסט אויף מיר ברוגז, צי וואָס?

— מיינסט, אַז איך זע ניט, ווי דו ביסט פֿאַרקאַכט אין דער אויסגע־פּוצטער עקטערקע?

ער צעלאַכט זיך הילכיק:

— דאָס גאָר? אַי, מלכהלע, מלכהלע! וואָס דיר פֿאַלט איין! פֿאַר אַ מאָדעל געפֿעלט זי מיר. איך האָב אויך ליב מיטצוזיגען אירע לידלעך. דאָס איז אַלץ. אָבער ליב האָב איך בלויז דיך...

זי פֿילט ווי שטיינער קייקלען זיך אַרונטער פֿון איר האַרץ. זי גייט ביי זיין זייט און שוויגט צופֿרידן, מיט אַ מאָל טוט זי אַ זאָג:

— איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט איבער דער ביישלעפֿערקע מיינער. די יידענע שנאָרכט. זי כאַפּט זיך אויף אין מיטן נאַכט און צינדט גלייך אָן דעם לאָמפּ, וואָס אַרט איר, אַז זי וועקט מיר אויף? איך וועל מאָרגן אַריינגיין אין אָפֿיס און בעטן, אַז זיי זאָלן מיר געבן אַן אַנדער צימער, אָדער בייטן מיין שכנה.

— קיין צימער פֿאַר זיך וועסטו נישט קריגן. און פֿון וואַנען ווייסטו, אַז דיין נייע ביישלעפֿערקע וועט זיין בעסער? זעסט, מלכהלע, איך בין אַ שטילער שלאָפֿער. און איך וועל דיך חלילה נישט איבערוועקן מיט אָנצינדן ליכט. דו וועסט זיין אַ באַלעבאָסטע פֿאַר זיך אין דיין אייגענער שטוב.

אַרום איז שטיל. די נאַכט פֿאַלט צו. צום ערשטן מאָל, זינט ער קען זי, שפּאַרט זי אַן איר קאָפּ אויף זיין אַקסל.

— ווען, מלכהלע, שטעלן מיר די חופּה?

— באַלד נאָך שבת נחמו, מען זאָל דערלעבן, מיט געזונט, און אין אַ מזלדיקער שעה.

# צוויי פריינדינס

ניו־יאָרק האָט זיך געפּרעגלט אין היץ. ס'איז געווען פאַר נאַכט־עסן. די פאַרגייענדיקע זון האָט נאָך געשאָטן מיט פייער. די ווייבער זענען געזעסן אויף די טראָטואַרן, אויף אויפגעשטעלטע בענקלעך, זיך געפאָכעט מיט טיכלעך, געווישט דעם שוויס.

פון די אָנגעבריטע טענעמענט־הייזער האָט געשלאָגן מיט היץ. אויף די גאַניקלעך האָט זיך געצויגן אַ קאָלירפולע פּאַנאָראַמע פון צעהאָנגענע נאַסע וועש צום טריקענען. אויף די צעפּראַלטע פענצטער איז געלעגן ווייס־רויט בעטגעוואַנט צום לופטערן. פון אַן אָפענעם פענצטער האָט אַ גראַמאָפאָן אויסגעזונגען:

— אוי, דאָס טליתל, דאָס איז דאָך אַ טייערע זאַך.

פון אַ פענצטער אַנטקעגן האָט אַרויסגעשטאַרצט די טרובע פון אַ גראַמאָפאָן און האָט איבערגעשריגן דאָס טליתל מיט:

— איך בין אַ באָרדער ביי מיין ווייב!

אוי, מענער, איז דאָס אַ טייערע זאַך!

דער טומל אין גאַס האָט אַלץ פאַרשלונגען. ס'האָט אויסגעקוקט, ווי ברום־סטריט האָט זיך פאַרנומען צו וווינען אין דרויסן. מאַמעס האָבן גע־געבן זויגן זייערע קינדער, יונגע ווייבלעך האָבן געוויגט און געשאָקלט מיט די וועגעלעך, צוגעזונגען שלאָף־לידער. אָבער די קינדערלעך האָבן אונטערגעהויבן זייערע קעפּלעך און בשום אופן נישט געוואָלט פאַרמאַכן די אויגן. איבער דעם געפּילדער האָבן זיך געטראָגן אויסרופן פון פּעדלערס, וואָס האָבן געשטופּט זייערע וועגעלעך מיט סחורה:

— אַלטע שיך קויף איך, קאַלאָשן, אַלטע קליידער, מאַנטלען פוטערנע!

— קויפט, ווייבער, מציאות: ארבוזן, וואָטערמעלאָנען — גרויס, ווי אַ הויז, פאַר צוואַנציק סענט; צוויי, ווייבער, פאַר פינף און דרייסיק!

אַן איטאַליענער רופט אויס זיין סחורה:

— באי סיקסע באַנאַנע פּאָה פּייפע סענט — ביגע באַנאַנע!

— שיינע מציאה! האָט זיך אָפּגערופֿן אַן עלטערע פֿרוי מיט אַ צע־שויבערטן קאָפּ.

— דאָס יקרות וואַקסט! — ענטפֿערט אָפּ אַ צווייטע. — מען צאָלט דאָך שוין פֿינף און דרייסיק סענט פֿאַר אַ פֿונט פֿלייש! מען גיט מער ניט צו קיין שטיקל מילך — פֿון לעבער איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

— עץ ווייסט ווער ס'איז שולדיק אין דעם יקרות? — רופֿט זיך אָפּ אַ הויכע ברייטע יידענע מיט אַ געשטופּלטן אַנגעגאָסן פּנים, ווי אויפֿגעוויירעגער טייג, — דער דייטשער קייסער! אַ מלחמהלע האָט זיך אים פֿאַרוואָלט, איינגעמען די וועלט, האָט ער איינגעגעבען אַ מיתה משונה!

דאָבעלע פֿרומקין, אַ מיטליאָריקע פֿרוי פֿון איידעלן אויסזען, האָט זיך וויניק איינגעהערט אין דעם פּלאַפּלעריי. זי האָט גאָר געטראַכט פֿון איר טאָכטער, וועלכע האָט שוין לאַנג געדאַרפֿט זיין אין דער היים. פֿון דער קאָנטאָר, ווו זי האָט געאַרבעט. דאָס מיידל גיט איר נישט קיין רו. זי קלייבט חתנים, ווי ווערעמדיקע אַרבעס... אוי, וואָלט כאָטש איר מאַן גע־לעבט, — האָט איר איבערגעלאָזט מיט פֿיר קינדער, נו, געלויבט דעם אויי־בערשטן, די צוויי עלטערע זין זענען שוין חתונה געהאַטע, האָבן שוין קינ־דער. דער יינגסטער ענדיקט באַלד אינזשיניער און האָט שוין אַ ווויל מיידל. נאָר זי, איר גערעטענע דזשאַנעט, שטופּט אַוועק אַזאַ גליק, ווי לייבל טוכמאַן. נו, היינט וועט זי מיט איר רעדן אָפֿענע רייד...

— אָט גייט די פּרינצעסין! — רופֿט אויס איינע פֿון די ווייבער און טאָרעט דאָבעלען ביים אַרבל — אָט גייט אייער אסתר המלכה.

דאָבעלע הייבט אויף דעם קאָפּ. דזשאַנעט דערנענטערט זיך. זי שפּאַנט מיט געמאָסטענע טריט, איר הויכע פֿיגור וויגט זיך. דאָס ווייסע קלייד מיט די בלויע בלימעלעך טיילט בולטער אויס דעם שוואַרצן קאָפּ האָר. די גרויסע בלויע אויגן האַרמאָנירן מיט די בלויע בלומען. איר הויט איז צאַרט ווייס; אין די באַקן אַ ראָזעווע פֿאַרב, די נאָז אַ גלייכע: מענערישע בליקן באַגלייטן איר מיט באַגער.

— העלאָ, מאַ! — זאָגט זי מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ און לאָזט זיך גיין אין הויז אַריין.

דאָבעלע גייט איר נאָך אַ שווייגעדיקע. אין שטוב איז שטיל. דאָבעלע שטעלט אַוועק דאָס עסן אויפֿן טיש און זאָגט מיט אַן איינגעהאַלטענעם קול:

— לייבעלע האָט דיך היינט גֶעזוכט. ער איז אַ טייערער יונגער־מאַן, נאָר אַ ברכה צו מאַכן איבער אים. זינט ער האָט דיך געזען ביים לאַנדסמאַן־באַל, קאָן ער שוין אויף קיין אַנדער מיידל נישט קוקן. פאַר אַ ווייב איז אַזאַ איינער אַן אוצר...

— אַט דער גרין־האָרן? דער פּעדלער! ער, ווילסטו זאָל ווערן מיין חתן!? — שפּרינגט דזשאַנעט אויף.

— ער איז נישט קיין פּעדלער!" — פאַרריכט די מאַמע. ער פלעגט אַ מאָל טאַקע האַנדלען מיט „רעמניצעס", אָבער דאָס האָט ער שוין פון לאַנג אויפ־געגעבן. איצט מעגסטו וויסן זיין, מיין טאָכטער, האָט ער שוין געעפנט אַן אייגן געשעפט פון „רעגעלע" סחורה, שניט־וואַרעס פון די טייערסטע סאָרטן. עס איז היינט זעלטן צו געפינען אַזעלכע יונגע־לייט. ער שפּילט נישט קיין קאָרטן, ער רויכערט נישט, ער טרינקט נישט.

וואָס מער דאַבעלע האָט פאַרלויבט דעם בחור, אַלץ מער איז ביי דזשאַנעטן געשטיגן די אויפרעגונג. איר כעס איז איבערגעגאַנגען אין אַ גע־פיל פון עקל צו דעם גרינעם, וואָס וואַגט גאָר צו טראַכטן, אַז זי קאָן ווערן זיין ווייב. ציי איז פאַר אים ווייניק, טראַכט זי, וואָס זי ענטפערט נישט אויף די ליבע־בריוועלעך און שטאַפּעטן, וואָס ער שיקט איר איבער מיט איר פריינדין בעקי? איצט איז ער געלאָפן צו איר מוטער נאָך הילף! דזשאַ־נעט איז אויפגעשפּרונגען, געטאָן אַ זעץ מיט די פויסטן אין טיש, אַזש די טעלער האָבן זיך צעקלונגען. זי האָט זיך צעשריגן:

— מאַמע, הער מיר אויף צו רעדן שידוכים. איך וועל מיר שוין אַליין געפינען דעם ריכטיקן חתן!

פון דער טאָכטערס אויסברוך איז דאַבעלע געבליבן שטיין אַ דערשראָ־קענע, אַ בלייכע. זי האָט איר נאָך קיין מאָל נישט געזען אַזאַ צאָרנדיקע. זי האָט פון דעסטוועגן אַרויסגעזשיפּעט:

— דו האָסט דאָך שוין געהאַט אויסגעקליבן צוויי מאָל חתנים און ס'איז פון ביידע גאָרנישט געוואָרן. איך, אין דיינע יאָרן, האָב שוין געהאַט דריי קינדער...

דזשאַנעט האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויס פון הויז.

אין גאַס האָט זי באַגעגנט איר פריינדין בעקי. יענע האָט איר דער־לאַנגט אַ בריוול אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט פון לייבעלען.

— איך בעט דיך, האָט זי בייז אויסגערופן, הער אויף צו ברענגען פאָטשטן. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו, נישט געעפנטערהייט האָט זי דעם קאָנווערט צעריסן אויף קליינע שטיקלעך און דערביי געשריגן:

— זאָג אים, דעם גרינעם, אַז ער זאָל מיר אויפהערן צו דרייען אַ היטל, איך וויל אים נישט! איך האָב אים פיינט — איך האָב אַן אַנדערן!...

מיט אַ מאָל האָט זי זיך קאָקעטיש אויסגעדרייט און געפרעגט:

— ווי מיינסטו, וועל איך נאָך קריגן אַזאַ מציאה, ווי לייבעלע דער גרינער?! איך וועל נישט לעבן אַזוי, ווי מיין מאַמע... איך וועל נישט שטיין אין קיך איבער טעפּ, ווינדעלעך וואַשן... קינדער וויגן. דינסטן וועלן דאָס פאַר מיר טאָן! דו ווייסט כאָטש, ווער עס איז פאַרליבט אין מיר איצט? — דער יונגער מיליאָנער אייוועגטהאָל!

בעקי איז געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענע. זי האָט זיך געפילט קליין און נישטיק לעבן איר שיינער פריינדין. איר לאַנגע שמאָלע פיגור האָט זיך ווי איינגעבויגן אונטער יענערס האָגל פון ווערטער. איר בלייך באַשפּרינקלט פנים מיט דער שפּיציקער נאָז, ווי ביי אַ פויגל, איז נאָך שפּיציקער געוואָרן.

— איך האָב אַן „אַפּאָינטמענט", האָט דזשאַנעט אַ זאָג געטאָן, מיט אייוועגטהאָלען... זי האָט אַ וואָרף געטאָן אַ „גוט באַי" און איז מיט שנעלע טריט פאַרשוווּנדן.

זינט יענעם געשפּרעך איז אַוועק אַ יאָר. דזשאַנעט איז געשווומען אין אַ וועלט פון פאַרערער. מען האָט איר כסדר געשיקט בלומען, מתנות, און זי האָט געגאַסן פאַרגעניגן מיט דער פולער מאָס.

ס'איז געווען ביי־יאָר־נאַכט. צו דזשאַנעטס הויז איז צוגעפאָרן אַ לי־מוזין. אַ רייך־געקליידטער הער האָט אַ קלונג געטאָן אינעם גלעקל. דזשאַנעט, אַ פאַרפּוצטע אין אַן אָונט־קלייד, איז אַריין אין זיין אויטאָ.ביידע זענען פאַרשוווּנדן אין טומל פון די ניו־יאָרקער גאַסן.

צו דער זעלבער צייט האָט בעקי איינע אַליין זיך געבלאָנקעט איבער די נאַכטיקע גאַסן. זי האָט אירע עלטערן געזאָגט, אַז זי גייט צו אַ פּאַרטי און איז, ווי אַלע מאָל, געווען אַליין. זי האָט געטראַכט פון אַריינגיין אין

אַ קינאָ. מיט אַ מאָל האָט זי דערפילט, ווי עמעצער לייגט אַרויף אַ האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און, אַ דערשראָקענע, דערזען לעבן זיך לייבעלע טוכמאַן.

— וואָס זייט איר אַזוי פאַרטראַכט? איך גיי אייך שוין נאָך אַ היפּשן וועג, רוף אייך, און איר הערט נישט.

— איך... איך... האָב געטראַכט און נישט געקאָנט באַשליסן, וואָס צו טאָן — צי זאָל איך גיין צו אַ פּאַרטיי, ווו איך בין איינגעלאַדן, צי גאָר גיין אין אַ „מוווי"....

— קומט מיט מיר און לאָמיר היינט פאַרברענגען ניי־יאָר צוזאַמען.

פון דער אומדערוואַרטער איינלאַדונג איז איר מיט אַ מאָל געוואָרן גוט אויפן האַרצן. עפּעס האָט אין איר אויפגעזונגען. זי האָט אָבער נישט געוואָלט אַרויסווייזן איר איינזאַמקייט און שוואַך געזאָגט:

— איך וואָלט געדאַרפט גיין צו דער פּאַרטיי... מענטשן וואַרטן...

ער האָט איגנאָרירט אירע לעצטע ווערטער און געזאָגט:

— איר ווייסט, בעקי, איך זוך אייך שוין לאַנג אַרום. לאָמיר היינט צוזאַמען אַרויסבאַגלייטן דאָס אַלטע יאָר 1925.

— נו גוט, איך פאַרשטיי, אַז איר ווילט מיט מיר אוודאי רעדן וועגן דזשאַנעטן...

ער האָט אָנגענומען איר אָרעם און שטיל, אָבער פעסט געזאָגט:

— זי איז פאַר מיר טויט, ווייל איך ווייס איצט גענוי, אַז איך עקזיסטיר אַבסאָלוט נישט פאַר איר. נו, אין טויטע מוז מען פאַרגעסן... איך בין אַליין, דאָס געשעפט וואַקסט, און איך וויל האָבן אַ לעבנס־באַגלייטערין, מיט וועמען צו טיילן מיינע פריידן און ליידן...

ער איז שטיל געבליבן און געקוקט אויף איר מיט אויגן פול מיט ליבע.

ווען בעקי איז יענע נאַכט געקומען אַהיים, האָט שוין געגרויט אויף טאָג. זי האָט געוווּסט, אַז פון גרויסער עמאָציע וועט זי שוין נישט שלאָפן. זי האָט זיך נאָך אַלץ נישט געגלויבט, אַז זי, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר

אַ מיאוס מיידל, און קיין מאָל נישט געהאַט קיין ראַנדעוווּ מיט אַ בחור, זאָל פּלוצלונג ווערן די כלה פון דעם שיינעם איידעלן לייבל טוכמאַן.

***

דזשאַנעט איז געקומען צו איר פריינדינס חתונה. זי האָט געקוקט מיט ביטול אויף דער גאַנצער פּראָצעדור און געטראַכט דערביי: נו, מילא, פאַר בעקי איז דאָס אַ שידוך, אָבער נישט פאַר מיר! זי האָט אַ סך בעסערע און רייכערע אַוועקגעשיקט...

און יאָרן, ווי טעג, זענען געלאָפן. בעקי האָט זיך צעבליט, נישט צו דערקענען. קינדערלעך זענען געבוירן געוואָרן. לייבל טוכמאַן איז אַוועק גוט. ער איז געוואָרן פון יאָר צו יאָר רייכער. און דזשאַנעט האָט נאָך אַלץ געקליבן... נאָך אַלץ געפונען חסרונות. דאָך האָט זי שוין אָנגעהויבן אַ ביי־סעלע אַראָפּנידערן. זי האָט גוט פאַרדינט. איר ייִנגסטער ברודער איז שוין לאַנג געווען חתונה געהאַט — געהאַט צוויי קינדער. איר מוטער איז אַוועק אין דער אייביקייט. און דזשאַנעט האָט געפירט אַ „בעטשעלאָר לעבן" — אַרויסגעגאַנגען, נאָך אַלץ געמאַכט ראַנדעוווּען און געזוכט דעם „ריכטיקן"...

זי האָט דורך דער צייט אָנגעהאַלטן פריינדשאַפט מיט בעקין. צו ערשט זענען געקומען איינלאַדונגען צו בריתן, צו ביי־געבוירענע יינגלעך. שפּע־טער צו בר־מצווהס ביי בעקיס און לייבעלעס קינדער. אַ מאָל איז זי געגאַנגען, אַ מאָל נישט. אָפט געשיקט אַ מתנה. אָבער, ווען זי האָט דער־האַלטן אַן איינלאַדונג צו דער ערשטער חתונה פון איר פריינדינס זון, איז איר געוואָרן אומעטיק. זי האָט אָבער, ווי אַלע מאָל, פאַרשטופּט דעם אומעט און זיך פאַרטרונקען מיט אַן אינטערעסאַנטער באַגעגעניש, ערגעץ אין אַ קאַפע־הויז, מיט אַ פאַרערער.

ס'איז געווען אין א ווינטער־נאַכט. דזשאַנעט ליגט אויפן געלעגער און קאָן נישט איינשלאָפן. די איינלאַדונג צו אַ ברית פון בעקיס מיט לייבעלעס אייניקל לאָזט איר נישט רוען.

— אַך, ווי שנעל ס'זענען פאַרפלויגן די יאָרן... זי איז נאָך אַלץ אַליין

און הייבט זיך אָן שרעקן פאַר דער איינזאַמקייט. דערצו האָט זי מער נישט די׳ יונגע כוחות. עפּעס איז זי פון אַלע פאַרערער אַליין געבליבן...

אין דרויסן האָט זיך אַ שניי־שטורעם צעהוליעט. טראָגט אָן בערג שניי און מאַכט פון זיי גראָטעסקע פיגורן. דער ווינט פייפט אויס אַ יאָמער־דיקן ניגון, רייסט און קלאַפּט אין די שויבן. דזשאַנעטן באַפאַלט אַ פּחד. זי ציט אַריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ און עס ווייזט זיך איר אויס, אַז זי הערט דער מוטערס קלאָג־רייד.

זי הערט זיי אַלע מאָל אין פייפן פון ווינט און שאָרכן פון ביימער...

# ווען מיין שטעטל האָט געוויינט

דער רבי איז זייער חרוב און ער דאַרף האָבן גרויס חסד, אַז ער זאָל געזונט ווערן.

אָט־די ווערטער האָט דער טאַטע, אַ דערשלאָגענער, אַרויסגערעדט צו דער מאַמען, ווען ער איז אַריין אין הויז בין מנחה למעריב.

— פאַר אַ יאָרן הושענה רבה איז ער אויך געווען פאַרבייי, און ער איז געזונט געוואָרן, און מיט גאָטס הילף וועט ער איצט אויך געזונט ווערן, — האָט אים די מאַמע געטרייסט.

— דער אייבערשטער וואַכט און היט־אָפּ אַזעלכע צדיקים ווי ר׳ יחזקאלע ראַדאָמסקער, — האָט זי פרום צוגעגעבן.

דערווייל האָט די שטאָט געקאָכט, קהל איז געלאָפן אויפן „גוטן אָרט״ בעטן פאַרן רבינס געזונט. מען האָט מיט ווייסע לייוונט אויסגעמאָסטן דעם בית־עולם, חסידים האָבן זיך געצויגן פון נאָענט און ווייט צום רבינס הויף, דער בית־מדרש איז געווען געפּאַקט מיט ישיבה־בחורים, חסידים, סוחרים און באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געזאָגט תהילים און געבעטן אַ רפואה שלמה פאַרן רבין.

אין „הויף״, אונטערן פרייען הימל, זענען געשטאַנען ווייבער מיט פּאַטשיילעס אויף די קעפּ און זיך איינגעהערט אין די טרויעריקע טענער, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון בית־מדרש „צום דרויסן״ און פאַרוויינט די לופט. זיי האָבן זיך פרום געשאָקלט צום טאַקט פון תהילים־ניגון און דערביי עפּעס שטיל געשעפּטשעט. זייערע בליקן זענען געווען געווענדט צום רבינס חדר, ווו עס איז געלעגן דער הייליקער חולה.

אויפן שוועל פון רבינס שטוב האָט זיך באַוויזן רב יוחנן, דעם רבינס עלטסטער גבאי. ער האָט געלאָזט וויסן דעם עולם, אַז די היץ האָט אָפּגעלאָזט און דער רבי פילט זיך, געלויבט השם יתברך, בעסער.

דער עולם האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און זיך געלאָזט מיט גרינגערע געמיטער צו זיך אַהיים.

דורך דער וואָך האָבן זיך אין שטאָט געטראָגן פאַרשידענע קלאַנגען: אַט האָט מען געהערט, אַז דעם רבין ווערט בעסער און אַט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דעם רבין איז ערגער.

דערפאַר האָט מיך מיין מאַמע געשיקט צום זיידן יוחנן, געוואָר ווערן, וואָס עס מאַכט דער רבי, ווייל מיין זיידע איז דאָך געווען דעם רבינס גבאי און זיין רעכטע האַנט.

ס׳איז געווען אין אַ פרייטיק נאָכמיטאָג. געוויינלעך פלעג איך אַלע פרייטיק אין דער צייט גיין צו דער באָבען נאָך אַ יאַגדע־קיכעלע. דאָס מאָל בין איך אָבער געגאַנגען מיט אַ שליחות. ווען איך בין אַריין אין הויז און דערזען דעם גרויסן בעקן, אויף וועלכן ס׳זענען געווען אויסגעלייגט צו פינף אין אַ שורה פריש־געבאַקענע קיכעלעך, פון וועלכע עס איז נאָך געגאַנגען אַ הייסע פאַרע און געדונען דער יאַגדע־סאָק, האָב איך אין גאַנצן פאַרגעסן אַן מיין „מיסיע״ און בין אַ פאַרגאַפטע געבליבן שטיין ביים בעקן.

דער זיידע יוחנן איז אַריינגעקומען פון אַ זייטיקן חדר אַן אויסגעפוצטער. די לאַנגע ווייסע באָרד פאַרקעמט, אין די שבתדיקע מלבושים, אין אַ שוואַרצער אַטלאַסענער זשופּעצע, מיטן שטריימל. די ווייסע זאָקן האָבן געשימערט פון אונטער דער לאַנגער קאַפּאָטע. אַ נידעריקער, אַ דאַרער, אַן איינגעשרומפּענער פון פאַסטן תעניתים אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, האָט ער אַלע מאָל אַרויסגעוויזן מער ליבשאַפט צו די אייניקלעך ווי צו זיינע קינדער. דערזעענדיק ווי איך שטיי אַזוי צוגעשמידט מיט מיינע אויגן צום בעקן, האָט ער מיט אַ קוים־זעבאַרן שמייכל אַ פרעג־געטאָן:

— וואָס ווילסטו, שרהלע?

— אַ יאַגדע־קיכעלע! — האָב איך אין איין אָטעם אַרויסגערעדט.

די באָבע האָט די גאַנצע צייט זיך אַרומגעדרייט איבערן הויז און עפּעס געזוכט. זי האָט געזוכט אין די שופלאָדן, אין קאָמאָד און אין דעם פליישיקן שענקל.

— אַ נאַשערקע! — האָב איך מיט אַ מאָל דערהערט דער באָבעס קול, — וואָלסט בעסער געגעסן ברויט, וואָלטן דיינע באַקן געווען רויט.

אַט אַזוי ווי ביי מיר, — האָט זי אַנגעוויזן אויף אירע רויטע בעקעלעך, — נאָר לאַקעטקעס ליגט איר אין זינען. דערפאַר ביסטו דאָך טאַקע גריץ, ווי גראָז... וואָלסט בעסער געפרעגט, וואָס דער רבי מאַכט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פאָרוואורף.

— וואָס מאַכט דער רבי? — האָב איך אין איין אָטעם אַ פרעג גע־טאָן, דערמאָנענדיק זיך פלוצעם אין מיין שליחות.

— וואָס ווילסטו פון קינד? — האָט דער זיידע זיך אַריינגעמישט.

— ס'קינד!... קוק מיר נאָר אָן אַ קינד! — האָט די באָבע געחוזקט, — אַ מויד פון אַריבער ניין יאָר איז שוין נישט קיין קינד... איך אין אירע יאָרן בין שוין געווען אַ כלה. איי, ווי די וועלט בייט זיך, — האָט זי זיך באַקלאָגט, — היינטיקע צייטן אַ מויד פון ניין יאָר איז נאָך אַ צוציק! נאָ, — האָט זי מיר דערלאַנגט אַ הייס יאַגדע־קיכעלע, — נאָ, און עס עס נישט ביז עס וועט זיך אָפּקילן, ס'איז נישט געזונט צו עסן הייסע יאגדע־קיכעלעך.

און די באָבע האָט ווידער גענומען זוכן, ווי פריער.

יעדן פרייטיק, ווען זי פלעגט מיר דערלאַנגען דאָס וואַרעמע קיכעלע, האָט זי מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל עס נישט עסן, ביז ס'וועט זיך אָפּקילן, פלעג איך אויסהערן, צושאָקלען מיטן קאָפּ, אַז זי איז גערעכט, און זיך גלייך לאָזן מיטן הייסן קיכעלע אין גאָס, און עס אויפעסן, טאַקע ווען דער יאַגדע־סאָק אין הייסן טייג האָט געבריט מיין צונג, ווי פייער.

— איך קאָן עס נישט געפינען! — האָט די באָבע פלוצלונג אַ זאָג געטאָן אַ רעזיגנירטע, — איך האָב שוין געזוכט אין יעדן ווינקל, — האָט זי גערעדט ווי צו זיך אַליין, — עפּעס אַזוי ווי די ערד וואָלט דאָס איינ־געשלונגען...

— וואָס זוכסטו? — האָט דער זיידע געפרעגט.

— עס פעלט מיר אַ זילבערנער לעפל, נישט אַנדערש ווי עמעצער האָט אים צוגענגבעט!

— שוין לאַנג?

— שוין דריי טעג.

— אַהאַ, — דער זיידע איז געבליבן פאַרטראַכט. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט צער. זיינע פינגער האָבן לאַנג געקלאַפּט איבערן טיש. ער

האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— ס'האָט קיינער ביי דיר נישט גענבעט דעם זילבערנעם לעפל. איך ווייס ווו ער איז!

— דו?! — האָט די באָבע אים אָנגעקוקט צעמישט.

אָן צו רעדן אַ וואָרט, איז דער זיידע צוגעגאַנגען צום קאָמאָד, געעפֿנט כ'טירל, און פֿון דאָרטן אַרויסגענומען אַ תּפֿילין־זעקל.

— ס'איז ישראלקעס, — האָט די באָבע געזאָגט.

— יאָ, דיין מוזיניקל, — האָט דער זיידע טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אלע מאָל, ווען דער זיידע איז געווען שטאַרק בייז אויף זיינע קינדער, זענען זיי געווען בלויז דער באָבעס.

ער האָט געעפֿנט ס'תּפֿילין־זעקל, און פֿון אויבן־אויף איז געלעגן דער זילבערנער לעפל.

— נאַ, אָט האָסטו דיין גניבה, — און ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם לעפל אויפֿן טיש.

— דאָס האָב איך דעם לעפל באַהאַלטן. איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז דער פּושע דאַוונט נישט יעדן טאָג. איצט זע איך דאָך באַשיימפּערלעך, אַז ער וואַקסט אַ גוי, אַן אחדות־יונג. געשיקט אים לערנען אין דער ישיבה אַזש קיין כזשאַנאָוו! שיין נחת זיך דערלעבט!

די באָבע האָט אים פֿאַרענטפֿערט.

איך האָב זיך אַרויסגעשאַרט פֿון הויז, בין אַרונטערגעשפּרונגען די עט־לעכע שטיגן און בין אַזוי, האָצקענדיק אויף איין פֿוס, אַריין אין דער שול־גאָס. ס'איז מיר אָנטקעגנגעקומען פּעסיע דער מומע חוהס, אַ מיידעלע אין מיינע יאָרן. זי, פּונקט ווי איך, פֿלעגט יעדן פֿרייטיק גיין צו דער באָבען נאָך אַ יאַגדע־קיכעלע.

— קום, — האָב איך איר פֿאָרגעשלאָגן, — לאָמיר שפּילן אין שטרולקעס.

איך האָב דערביי אַרויסגענומען פֿינף ביינערנע קלעצלעך, וואָס מיר, קינדער, פֿלעגן קריגן פֿון אונדזערע מאַמעס, ווען זיי האָבן געמאַכט פּיטשאַ אויף שבת.

— מען טאָר נישט שפּילן, — האָט פּעסיע געזאָגט, — דער רבי איז קראַנק.

— ס'איז אים שוין בעסער, און מיט גאָטס הילף וועט ער באַלד אין גאַנצן געזונט ווערן, — האָב איך נאָכגערעדט דער באָבעס און מאַמעס רייד. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און דערביי אַ וואָרף געטאָן די שטרולקעס.

— איך גיי נאָך אַ יאַגדע־קיכעלע, — האָט זי ענדלעך מודה געווען...

— זיי זענען נאָך נישט פאַרטיק, — האָב איך געזוכט איר אָפּצוהאַלטן פון גאַנג.

— און פון וואַנען האָסטו אַזעלכע שוואַרצע ציין? — האָט זי מיר אָנגעוויזן אויף מיין מויל.

— אַ, דאָס איז נאָך פון לעצטן פרייטיק.

— דו ביסט אַ ליגנערקע! — האָט זי מיר אַריינגעשריגן אין פּנים, און האָט מיך איבערגעלאָזט אויף דער ערד מיט די שטרולקעס און זיך געלאָזט גיין צו דער באָבעס הויז.

שבת נאָך הבדלה איז די באָבע געקומען צו אונדז. דער זיידע איז געווען ביים רבין.

די באָבע האָט פון אַ געהעקלטער טעקע אַרויסגענומען איר שטריקעריי, פון פיר לאַנגע שפּיזן איז אַרונטערגעהאַנגען אַ קליינער גרינער זאָק מיט רויטע שטרייפן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען דער בליץ־לאָמפּ, וואָס האָט געברענט אויף נאַפט, און גענומען שטריקן דעם רויטן שטרייף און געציילט די „אויגן". דערביי האָבן זיך געשווינדט געדרייט די שפּיזן אַהין־אַהער. בלויז ביים רויטן שטרייף האָט זי געציילט די אויגן. ווען זי האָט נישט געציילט, האָט זי געקאָנט געשווינד שטריקן און דערביי דערציילן מעשיות און אפילו נישט אַ קוק טאָן אויף דער שטריקעריי.

איך פלעג ליב האָבן זיך איינצוקוקן אין דער באָבעס ליכטיקן פּנים. אַלע באָבעס, — פלעג איך דערביי טראַכטן, — טראָגן ברילן, נאָר נישט מיינע.

אַ גלייכע, פון הויכן וווקס, מיט אַ גלאַטיק רונד פּנים און רויטע באַקן,

זי האָט ליב געהאַט צו גיין שיין און ריין אָנגעטאָן. זי האָט געטראָגן די שוואַרצע אַטלעסענע קופּקע און דאָס שבתדיקע גרין זיידענע קלייד מיט האַנט־אויסגענייטע פייגעלעך, וואָס זי האָט אַליין אויסגעהאַפּטן. אויף שטריקן און נייען איז זי געווען אַ גרויסע בריה. זי האָט אויך אַליין געפירט ס׳געשעפט, אַ שניט־קראָם, און פלעגט אַליין פאָרן אויף מערק. דער זיידע איז געווען פאַרנומען מיטן רבין און מיטן לערנען תורה.

מיין טאַטע, דערזעענדיק ווי די באָבע שטריקט אַזוי פלייסיק אַ זאָק, האָט איר אַ פרעג געטאָן:

— מאַמע, פאַר וועמען שטריקסטו די זאָקן?

— פאַר מיין יינגסטן אייניקל, טשיפּעלען.

האָט זיך דער טאַטע הויך צעלאַכט:

— מאַמע, איך האָב אַ פאַבריק פון זאָקן, און דו שטריקסט פאַר מיין קינד אַ פאָר זעקעלעך!

— דיינע זאָקן! איך גיב דיר נישט פאַר אַלע דיינע זאָקן קיין דרייער.

— האָט די באָבע געזאָגט, — דיין טאַנדעט, אַז מען טוט זיי איין מאָל אָן, צעקריכן זיי ווי שפּינוועבס. זעסטו, — האָט זי אָנגעוויזן אויפן קליינעם זאָק, וועלכן זי האָט געהאַלטן אין מיטן דער אַרבעט, — אָט דאָס איז סחורה. ס׳וועט דעם קינד זיין וואַרעם. זיי זענען שטאַרק און באַלעבאַטיש, — און זי האָט ווייטער געשטריקט מיט גרויס ערנסט.

ס׳האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַריין אונדזער שכנה באַשע־לאה, אַ ברייטע קורצע יידענע מיט אַ רויט פּנים. ביים פאַרטעך האָבן זיך מיטגעשלעפּט אירע צווילינג־מיידלעך פון דריי יאָר: צירעלע און מירעלע.

— איך בין אַזוי פאַריאָגט מיטן צווילינג, זאָל לעבן, — האָט זי אָנ־געוויזן אויף די צוויי פּוכיקע קינדערלעך, — אַז איך האָב נישט קיין צייט צו לויפן אין „הויף״. חוה לעבן, — האָט זי זיך געווענדט צו דער באָבען, — וואָס מאַכט דער רבי?

— בעסערט זיך, געלויבט דעם אייבערשטן, — האָט די באָבע אַ צו־פרידענע געענטפערט.

ס׳זענען אָנגעקומען די מומע יענטל, די מומע חוה און די מומע רחלע מיטן קליינוואַרג. די מענער זענען אַוועק צום רבין.

אין אויוון האָט זיך געקאָכט אַ קרופניק. די מלווה־מלכה איז היינט געווען צעשטערט, ווייל דער רבי איז נאָך אַלץ געווען שלאָף. יענעם שבת צו נאַכט האָט די שטאָט נישט געפּראַוועט קיין מלווה־מלכה.

דער טאַטע איז אויך אַוועק אין „הויף" זיך זען מיט שלמה העניכן, דעם רבינס זון, מיט וועלכן ער האָט געפירט אַ שטילן שותפות.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום גרויסן טיש, וועלכער איז נאָך געווען באַדעקט מיטן שבתדיקן ווייסן טישטעך אין רויטע קווייטן. פראַדל, די דינסט, האָט דערלאַנגט צום טיש, און די באָבע האָט דערציילט מעשהלעך פון נאָוואָראַדאָמסקער רבין:

— וועגן דעם זיידן פון אונדזער רבין דערציילט מען, אַז ווען ער איז אַלט געווען זיבן יאָר, האָט מען אים שוין גערעדט שידוכים. איז אַ מאָל אַ גרויסער רבי געקומען אָנקוקן דעם חתן. זעענדיק דאָס יינגל, האָט דער רבי אים אַ פרעג געטאָן:

— איך בין זיכער, אַז דער חתן־בחור ווייס אפילו נישט ווו גאָט וווינט.

אויף דעם האָט אים דער זיבן־יאָריקער חתן־בחור גלייך געענטפערט:

— אויב דער מחותן וועט מיר זאָגן ווו גאָט וווינט נישט, וועל איך אים זאָגן, ווו גאָט וווינט יאָ.

— און פון איצטיקן רבינס פאָטער, אים צו לאַנגע יאָרן, פלעגן חסידים זיך אָנדערציילן ניסים און נפלאות.

— מען דערציילט, אַז ווען דעם איצטיקן רבינס פאָטער איז נפטר געוואָרן, פונקט אין דער רגע, ווען ער האָט אויסגעהויכט זיין ליכטיקע נשמה, איז אין רבינס חדר שטיין געבליבן דער גרויסער וואַנט־זייגער, וועל־כער איז אַ פערטל יאָרהונדערט פריער קיין מאָל נישט געשטאַנען...

און וועגן אונדזער רבין וועל איך אייך דערציילן אַ מעשהלע:

פון פשעדבאָרזש האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מיט פערד און וואָגן זעקס חסידים צום נאָוואָראַדאָמסקער רבין. האָבן די חסידים זיך געלאָזט אין וועג אַריין אַ סך פריער ווי אַלע מאָל, ווייל ס'איז געווען אין קורצן פרייטיק, און אָנגעזאָגט דעם פורמאַן צו טרייבן די פערד וואָס שנעלער, כדי זיי זאָלן נאָך קאָנען אָפּגעבן דעם רבין שלום־עליכם אַ שטיק צייט פאַר ליכט־בענטשן.

זענען זיי געפאָרן און געפאָרן, און דער וועג איז וואָס אַ מאָל געוואָרן אַלץ גרעסער און פרעמדער.

ס'איז אָנגעפאַלן אַ הויכער שניי, און דאָ פאָרן די חסידים אין אָן אָפענעם וואָגן, דער שניי נעצט זיי דורך, די קעלט קריכט אין די ביינער אַריין.

ס'נעמט צופאַלן די נאַכט, און מען זעט נאָך אַפילו נישט דעם שפּיץ פון שטאָטישן קלויסטער.

פרעגן זיי ביים אָנטרייבער, ווי לאַנג ס'דאַרף נאָך נעמען אָנצוקומען אין נאָוואָראַדאָמסק צום רבין, איז זיך דער פורמאַן מודה, אַז זיי בלאָנ־דזשען. די פערד זענען אַראָפּ פון שאָסיי. ס'האָט נאָך ביז איצט אַזאַ זאַך מיט אים נישט געטראָפן, און ער ווייסט אַליין נישט, ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט פּאַסירן.

ס'איז די חסידים באַפאַלן אַ גרויסער פּחד, אַז זיי קאָנען נאָך חלילה מחלל שבת זיין, און גאָט דער איינציקער ווייס, ווו זיי קאָנען אַ מאָל פאַר־בלאָנדזשען. אויסגעווייטיקטע פון הונגער, קעלט און נעץ, האָבן זיי תּפילה געטאָן צום אייבערשטן. דער שניי לייגט זיך דערווייל אַלץ העכער, און מיט אַ מאָל כאַפּן זיי זיך, אַז זיי פאָרן גאָר איבער ווילדע פעלדער.

עס ווערט שוין גאָר טונקל. די שרעק ווערט גרעסער. פאַר מיילן ווייט זעט מען נישט קיין לעבעדיקן מענטשן.

אָבער פּלוצלונג, אַזוי ווי פון דער הוילער ערד, וואַקסט פאַר זיי אויס אַ הויכער פּויער, בלייבט שטיין לעבן וואָגן און גיט אַ פרעג אויף פּויליש: „דאָקאָנד ווי יעדזשעטשע ?" (וווהין פאָרט איר דאָ ?).

און וואָרט נישט אויף קיין ענטפער, שטעלט אָפּ די פערד, זעצט זיך לעבן פורמאַן, נעמט אַרויס פון זיינע הענט די לייצעס, גיט אַ געשריי צו די פערד "וויאָ !" און באַלד, ווי דורך אַ כּישוף, זענען זיי שוין אויפן ריכטיקן שאָסיי, און נאָך איידער מען קוקט זיך אַרום, געפינען זיי זיך שוין אין שטאָט, און אָט בלייבט די פור שטיין לעבן דעם רבינס הויף.

די חסידים קריכן אַראָפּ פון וואָגן, ווילן באַדאַנקען דעם גוי פאַרן גרויסן חסד, וואָס ער האָט זיי געטאָן, ערשט זיי כאַפּן זיך, אַז ער איז נעלם גע־

וואָרן. זיי זוכן אים אין אַלע זייטן, אָבער נישטאָ דער גוי. ער איז פאַר־שוווּנדן, פונקט אַזוי ווי ער איז געקומען.

ווען די חסידים זענען אַריין צום רבין און אים געוואָלט דערציילן וואָס עס האָט מיט זיי געטראָפן, האָט דער רבי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אַז זיי זאָלן שווייגן און געזאָגט:

— איך ווייס... איך ווייס... וואָס עס האָט מיט אייך פּאַסירט.

און די חסידים האָבן שוין פאַרשטאַנען ווער יענער „פּויער" איז געווען...

אויסגעהערט דער באָבעס מעשיות, האָבן מיר אַלע געגעסן דעם גע־שמאַקן קרופּניק, וואָס פראַדל האָט דערלאַנגט צום טיש.

מיט אַ מאָל האָט זיך געגעבן אַ פראַל־אויף די טיר און עס זענען מיט געוואַלדן אַריין ביילע די טיקערין און סאָסיל די גבאיטע.

— געוואַלד, ידישע קינדער, — האָבן זיי געבראָכן די הענט און גע־שריען, — דער רבי איז פאַרביי! אוי, אַ ב״ר־אַך, און אַן א״ר־מגליק! — האָט קיילע די טיקערין אויסגעזונגען און סאָסיל די גבאיטע האָט אונטער־געכאַפּט דעם ניגון, מיט וועלכן מיין מאַמע פלעגט לייענען די קינות אום תשעה־באב.

אין הויז איז געוואָרן אַ יללה, אַ געוויין. די באָבע האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— צום רבינס הויף, ווייבער, צום בית־המדרש!

אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

איך האָב זיך מיט אימפּעט אַ הייב געטאָן און געוואָלט מיטלויפן. מיט אַ מאָל האָב איך דערפילט ווי עס הייבט זיך מיט מיר ס׳בענקל, אויף וועלכן איך בין די גאַנצע צייט געזעסן. איך האָב מיך אַרומגעקוקט און געזען ווי מיין קליין שוועסטערל חוהלע שטייט אין ווינקל און זי שטיקט זיך פון גע־לעכטער. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז איר אַרבעט. איך האָב זיך ווי עס איז אַרויסגעפּלאָנטערט פון דעם צוגעבונדענעם בענקל און בין צוגעלאָפן צו מיין שוועסטערל און איר דערלאַנגט אַ בוכצע. זי האָט זיך צע־וויינט און צו להכעיס מיך גענומען רופן:

— שטרינע מיטן גוואַלד־גלאָק!

דאָס איז געווען מײַן צונאָמען, װעלכן איך האָב געװאַלדיק פֿײַנט געהאַט.

„שטרינע" האָט מען מיך גערופֿן, װײַל איך בין געװען דאַר און פֿאַר־גרינט, און „גוואַלד־גלאַק", װײַל װען איך האָב עפּעס געװאָלט און נישט באַקומען, האָבן מײַנע געװאַלדן אָפּגעקלונגען װי אַ גלאָק איבער דער גאַנ־צער גאַס. פֿאַר אָט דעם צו־נאָמען מיט װעלכן מײַן שװעסטער האָט מיך איצט גערופֿן, האָב איך זיך נאָך אַ מאָל אַ װאָרף געטאָן זי שלאָגן.

— מאַמעשי! — האָט זי גערופֿן נאָך הילף.

— װאַרט נאָר, װאַרט, — האָט די מאַמע געפֿאָכעט צו מיר מיט דער האַנט, מיט אַן אױסגעשטעלטן פֿינגער, — זאָל נאָר דער טאַטע אַהײם קומען, װעסטו שױן קריגן דײַן פּאַרציע...

— איצט, װען עס איז אַזאַ אומגליק אין שטאָט, — האָט די באָבע אַ זאָג־געטאָן שױן שטײענדיק בײַם טיר, — איצט ליגט אײַך אין זינען צו פּראָווען שטיק?!

— די גאַס איז שװאַרץ מיט מענטשן, — האָט קײלע די טיקערין אַרײַנגעװאָרפֿן, און אַלע פֿרויען האָבן זיך געלאָזט גײן צום רבין.

איך בין נאָכגעלאָפֿן, און אױף מיר קוקנדיק איז נאָכגעלאָפֿן דאָס קלײנװאַרג.

די מאַמע האָט זיך צוריקגעקערט, אונדז אַרײַנגעטריבן אין הױז, אָבער מיר האָבן בשום־אופֿן נישט געװאָלט אַרײַנגײן. די באָבע האָט געמאַכט אַ פּשרה, אַז פֿראַדל, די קעכין, װאָס איז געװען פֿאַררעכנט װי אַן אײגענע אין הױז, זאָל אונדז דערצײלן מעשׂיות, און מיט דעם האָט מען אונדז אונטער־געקױפֿט.

פֿראַדל פֿלעגט ליב האָבן צו דערצײלן שױדערלעכע מעשׂיות פֿון גזלנים, דיבוקים און נישט־גוטע, צוליב װאָס מיר, קינדער, פֿלעגן דערנאָך מורא האָבן צו שלאָפֿן בײַנאַכט און פֿלעגן קריכן צו דער מאַמען אין בעט.

נאָר די מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז הײַנט זאָל זי אונדז נישט דער־צײלן קײן מעשׂיות פֿון שדים און נישט־גוטע, נאָר פֿון דעם קלוגן קעניג מיט די זיבן טעכטער.

װען איך בין אין דער פֿרי אױפֿגעשטאַנען, האָט אַלץ אױסגעקוקט צו

גיין מיטן טעגלעכן גאַנג. איך האָב געהערט דאָס רוישן פון די מאַשינען, וואָס איז געקומען פון דער פאַבריק, וועלכע האָט זיך געפונען אין שכנות מיט אונדזער וווינונג. אין ווינקל פון קיך האָט זיך פּראַדל געפּאָרעט ביים כשר מאַכן אַ הון. די מאַמע האָט מיר בעגעבן עסן. זי האָט אויסגעקוקט בלאַס און פאַרוויינט. איך האָב געפרעגט:

— וואָס מאַכט דער רבי?

האָט זי מיר געענטפערט, אַז די גרעסטע דאָקטוירים, וועלכע מ'האָט אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע, האָבן אויפגעגעבן זיין לעבן. בלויז איין גאָט אין הימל קאָן באַווייזן דעם נס און אים העלפן, — האָט זי אַ פאַרטרויערטע אַרויסגערעדט און אירע אויגן זענען פול געוואָרן מיט טרערן.

איז מיר איצט קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס איך הער בלויז דאָס רוישן פון די מאַשינען, און עס פעלט דאָס געזאַנג פון די אַרבעטער, פון וואָס איך פלעג האָבן גרויס הנאה און מיטזינגען.

מיט אַ מאָל האָט זיך אַן אומעטיק קול דערטראָגן פון לייבקע רע־וואָלוציאָנער:

„גוטער פריינד, אַז איך וועל שטאַרבן,
טראָג צו מיין קבר די פרייע פאָן,
די פרייע פאָן מיט רויטע פאַרבן,
וואָס איז באַשפּריצט מיט אַרבעטער־בלוט".

ער איז פאַרשטומט געוואָרן, ווייל קיינער האָט נישט מיטגעזונגען. געוויינלעך פלעגט נאָר איינער דאַרפן אָנפאַנגען, און עס איז באַלד אַוועק אַ קראַנץ לידער: „איך האָב אַ קליין יינגעלע", „אַ בריוועלע דער מאַמען", „דאָס טליתל", נאָר אַממיינסטן האָבן זיי פאַרפאַסט אייגענע לידער, לויטן גאַנג פון טאָג.

ווען דוד לייב פּייערמאַנס זון, איטשע, איז אַוועק קיין אַמעריקע, צו־נעמענדיק ביים פאָטער אַ גרויסע סומע געלט, האָבן זיי גלייך דערפון פאַר־פאַסט אַ ליד... האָט אַ יונג אַוועקגעוואָרפן אַ מויד, און זי איז זיך געלאָפן טרינקען, ווייל מען האָט אין שטאָט געזאָגט, אַז זי ריכט זיך אין קימפעט... איז דערפון געוואָרן אַ טרויעריק ליד... האָט אַ רייך זינדל זיך פאַרליבט

אין אַן אָרעם מיידל און איז מיט איר אָוועק אין גאָלדענעם לאַנד, איז דאָס געשאַפענע ליד געווען אַ פריילעכס.

אָבער היינט, ווען דער רבי האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט, איז דאָס געזאַנג געווען פאַרשטערט. האָב איך אַ שווייגנדיקע אויפגעגעסן מיין פרישטיק און בין אַוועק אין שקאָלע.

ווען איך בין אַהיימגעקומען פון שקאָלע, איז אין הויז געווען אַ מורא־דיקע שטילקייט, וואָס האָט געשריגן מיט פאַרשטומטע קולות. איך האָב מיך אַרומגעקוקט און קיינעם נישט געזען. בין איך אַ דערשראָקענע געלאָפן פון איין שטוב אין דער צווייטער און דערביי גערופן „מאַמעשי! פראַדל!" אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט.

בין איך אַריין אין פאַבריק. די מאַשינען זענען געווען פאַרשטומט, די רעדער, וועלכע האָבן געוויקלט באַוול אויף גרויסע קולערס, זענען שטיין געבליבן אין מיטן וויקלען. פון די רונדיקע זאַקן־מאַשינקעס האָבן אַרונ־טערגעהאַנגען נישט־פאַרענדיקטע שטרימפּ. איבער אַלץ האָט זיך גע־טראָגן דער טוכלער ריח פון אייל און נאַפּט. אין דער לופט איז געהאַנגען אַ שטילער זשומען פון די פאַרשטומטע מאַשינען. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער, געזען ווי די ווייזערס רוקן זיך נישט. דער באַוועגלאָזער זייגער האָט מוראדיק געשוויגן.

מיט אַ מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, ווי די לופט שעפּטשעט אויס: דער רבי איז נפטר געוואָרן... דער רבי איז נפטר געוואָרן... דער רבי איז נפטר געוואָרן...

— וואָס מיינט נפטר ווערן? וואָס מיינט מער נישט זיין? — האָב איך הויך געפרעגט און זיך דערשראָקן פאַר מיין אייגן קול. איך בין מיט אימפּעט אַרויסגעלאָפן פון דער פאַבריק און אַריין אין קיך. עס האָט אַ שלאָג געטאָן מיט אַן אַנגענעמען ריח פון געקעכטס. אין אויוון האָט זיך געקאָכט אַ הון, ס'האָט פאַרשמעקט דאָס הויז. אויפן לאָקשן־ברעט זענען געלעגן דין־צעשני־טענע לאָקשן און זיך געטריקנט. איך בין צוגעגאַנגען צום אויוון, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט טעפּ, און געזען ווי אין איין טאָפּ קאָכן זיך רויטע קאַרשן. דער ריח האָט געדרעגט מיינע נאָז־לעכער. איך האָב זיך מיט אַ מאָל דערפילט שטאַרק הונגעריק.

פראַדל די דינסט איז אַרייַנגעקומען פון גאַס אין אַ שוואַרצער פאַטשיילע אויפן קאָפּ, מיט פאַרוויינטע אויגן. זי האָט מיך פאַרווּנדערט אָנגעקוקט און געפרעגט.

— וואָס טוסטו איצט אין קיך?

— איך וויל לאָקשן מיט יויך, — האָב איך פעסט געזאָגט.

— וואָס?! עסן ווילסטו?! — האָט עפּעס אַ פרעמד קול פון איר אַרויסגעקרעכצט, — איצט, ווען עס איז אַזאַ חורבן אין שטאָט זאָל אַ יידיש קינד וועלן עסן?!

איך האָב מיט אַ מאָל דערפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז און האָב שטיל אַרויסגערעדט:

— איך וויל בלויז אַ ביסל וואַסער.

## אין פארלאג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען פאלגנדיקע ביכער:

### אין יידיש

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (2 בענד) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַדט) | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל — געקליבענע שריפטן |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פּרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאַקאַרנע (2 בענד) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דראַזדאָוו | אחד העם |
| עזרא קאַרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווי און גלויבן |
| ד. זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (2 בענד) |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |

| | |
|---|---|
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| ב. וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| מ. וויסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראָנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| א. שמרי | די פונקען פון תיקון |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס |
| אירגון יוצאי באָרשטשיוו | ספר באָרשטשיוו |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| ל. אָליצקי | מיין האַרץ־רייזע |
| נ. דראָזדאָוו | די יידן אין איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (2 בענד) |
| י. גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| ש. פּאָלאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |
| יוסף ראָטענבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |

| | |
|---|---|
| **מרים ריינעס־מלצר** | צום קוואַל |
| **ד״ר חיים שאָשקעס** | פון מאָסקווע ביז עבר־הירדן |
| **יחיאל האָפּער** | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1) |
| **יחיאל האָפּער** | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) |
| **ע. פּערשלייסער** | געקליבענע דערציילונגען |
| **ה. אַקערמאַן** | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| **י. שטיינבערג** | אַפּאָריזמען און גלייכווערטער |
| **ארגון נכי המלחמה בנאצים** | אַנטקעגן דעם נאַצישן שונא |
| **אירגון יוצאי סטרי** | ספר סטרי (יידיש, העברעיש, ענגליש) |
| **אסתר לוריא** | פּרויען אין קאַנצענטראַציע־לאַגער (אַלבאָם) |
| **ב. שלעווין** | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| **איציק מאַנגער** | ליד, באַלאַדע, דערציילונג (יידיש־העברעיש) |
| **רחל קאָרן** | פון יענער זייט ליד |
| **רחל פישמאַן** | זון איבער אַלץ |
| **מ. ז. טקאַטש** | מיין האָב און גאָב (לידער) |
| **ש. זאַראָמב** | אויסדערוויילטע שריפטן |
| **נוסיאַ־איניאַ שיפמאַן** | „דאָס לעבן נאָך פאַר מיר״... |
| **מ. י. שעלובסקי** | אין יאָרן אַרום |
| **ל. חיין־שמעוני** | גאַנג |
| **ק. מאָלאָדאָווסקי** | **לידער פון חורבן — ת״ש—תש״ה אַנטאָלאָגיע** |
| **ל. פּאַפּיערניקאָוו** | די משפחה יעלניק |
| **י. שטיינבערג** | חכמה פון יידישן קוואַל |
| **יהושע אַלקאָן** | דראַמאַטישע ווערק |
| **ל. קוסמאַן** | דער לאָמפּ ברענט (לידער) |
| **ה. יונג** | העכער די וואָלקנס |
| **ב. מייזיל** | צוריקבליקן און פּערספּעקטיוון |
| **ק. שבתאי** | ווי שאַף צו דער שחיטה? |
| **ל. כאַנוקאָוו** | קריזיס (ראָמאַן) |
| **נחמן ראַפּפּ** | אַ קרוג מיט ווייַן (לידער) |
| **ב. דראָזדאָוו** | אחד העם (ענגליש) |
| **יעקב גלאַטשטיין** | מיט מיינע פאַרטאָגביכער |
| **ישעיהו שפּיגל** | די בריק (נאָוועלן) |
| **מאַני לייב** | **לידער און באַלאַדן (יידיש־העברעיש)** |
| **אפרים אויערבאַך** | וואָך איז דער סטעפּ (לידער) |

| | |
|---|---|
| ישעיה זאַנדבערג | דער שונא איז די מויערן |
| ב. עפּשטיין | דורך דעם גרינעם טויער |
| ש. וואַרזאַגער | זאַמד |
| יעקב פרידמאַן | נפילים |
| דניאל טשאַרני | די וועלט איז קיילעכדיק |
| ברוך שפּינאָזאַ | עטיק (איבערז.: ש. ווינער) |
| יאָסל צוקער | שריפטן |
| י. ראַפּאָפּאָרט | מהות פון דיכטונג |
| י. פּעטערזייל | אָנדענק־בוך |
| ח. בעז | אונדזער דור מוז אָנטשיידן |
| י. ערליך | וואַלבראָם |
| יחיאל האָפער | אמאָל... (דערציילונגען) |
| מאַטעס דייטש | יעקב גלאַטשטיין — דער ייד פון ליד (עסיי) |
| מאַלאַשאַ מאַלי | צוויי וועלטן (דערציילונגען) |
| ש. פּאָליאַקעוויטש | טעג אָן ליכט |
| משה פולאַווער | געווען איז אַ געטאָ (פון לאָדזשער געטאָ־לעבן) |
| איטה קאַליש | אַ רבישע היים אין אַמאָליקן פּוילן |
| מאיר קוטשינסקי | נוסח בראַזיל (דערציילונגען) |
| י. ראַפּאָפּאָרט | מהות פון דיכטונג (עסייען, נאָטיצן, עסייען וועגן דיכטער און דיכטונג) |
| רחל אויערבאַך | אין לאַנד ישראל — (רעפּאָרטאַזשן, עסייען און דערציילונגען) |
| יצחק פּאַנער | זון און שאָטן (ישראל־מאָטיוון) |
| ישראל קאַפּלאַן | שליאַך און אומוועג (דערציילונגען) |
| בינם העלער | נייע לידער (לידער) |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | פון צווייטן בראשית (ישראל־לידער) |
| ש. שלום | לידער און פּאָעמעס (איבערזעצט פון ח. באַרקאַן) |
| יחיאל האָפער | מיט יענעם און מיט זיך (עסייען) |

## העברעיש

| | |
|---|---|
| **יוסף ראָזען** | כתבים נבחרים |
| **אפרים שרייער** | אמנות ותיאטרון |
| **י. לעשצינסקי** | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| **יעקב פאַט** | שיחות עם סופרים יהודיים |
| **מ. בערלאַנד** | 300 שעות בגיטו הדועך |
| **יהושע גלבוע** | על חרבות התרבות היהודית בברית המועצות |
| **י. זרבבל** | עלי חיים |
| **נ. חנין** | ברלה |
| **א. אלמי** | בין סיני לאולימפוס |
| **אפרים אויערבאַך** | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| **מ. בורשטין** | פת ומלח |
| **ר. קוויאַטקאָווסקי־פנחסיק** | נשים מאחורי הגדר |
| **נחמיה לוינסקי** | בצל הגועים |
| **ד. פלקסר** | האידיאה והאמת |
| **מול האויב הנאצי** | זכרונות ועדויות (יידיש־עברית) |
| **פ. בילצקי** | השיר והמשורר (א. סוצקבר) |
| **אציק מנגר** | שיר, בלדה, סיפור |
| **א. ירושלמי** | מיערות הצפון עד חורשות הכרמל |
| **דב סדן** | אבני מפתן |
| **י. פריליך** | מצדה ורומי |
| **י. שטינברג** | ממעין החכמה של עם ישראל |
| **א. מנור** | פרופ' אריה טרטקובר |
| **שפרה ורבר** | דמעתו של איציק |
| **י. זרבבל** | ביקור בברית המועצות (רשמים ופגישות) |